# מעשה׳לעך פאַר קינדער

פון

## תשר״ק



מיט אריגינעלע צייכנונגען

— פון —

איזראעל („לאלא״)



*Printed in U.S.A.*

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני

# פארוואָרט

די מעשה׳לעך אין דיזען בוך זיינען טיילווייז גענומען פון תלמוד, מדרש, און ילקוט, און פון אנדערע ספרים, וואָס געהערען צו אונזער אַלטער אידישער ליטעראַטור אנדערע זיינען בעאַרבייט פון אנדערסען, די ברידער גרים, און פון וועניגער בעוואוסטע פערפאַסער פון קינדער ערצעהלונגען. אין דער זאמלונג זיינען אויך אריין איינצעלנע ערצעהלונגען פון וויקטאָר הוגאָ, בערטאָלד אויערבאַך, י. ב. לעוונער, י. שטיינבערג, ש. בערמאַן, איי-ניגע אידישע פאָלקס־מעשה׳לעך, און א צאָהל אָריגינעלע פערפאַסונגען.

אין די בעאַרבייטונג פון מאַנכע ערצעהלונגען האָט דער שרייבער גענומען בלויז דעם סוזשעט, און האָט זיך ערלויבט אַזעלכע ענדערונגען, וואָס זיינען נויטיג געווען צו מאַכען די מעשה׳לעך בעסער צוגעפּאַסט פאַר קינדער פון וועמעס וועגען דיזע זאַמלונג איז צוזאַמענגעשטעלט.

ת ש ר ״ ק.

# אינהאַלט:

# די צוויי שעפסען

צוויי שעפסען האָבען אַמאָל געלעבט אין איין שטאַל, אָבער זיי האָבען זיך איינער דעם אַנדערען שטאַרק פיינד געהאַט. יעדער איינער פון די צוויי שעפסען האָט זיך גערעכענט אַז ער איז אַ בעסערער שעפס פון דעם אַנדערען, אַז ער איז שענער, גרעסער און האָט מעהר וואָל פאַר דעם אַנדערן. איינמאָל איז געקומען אַ וואָלף און האָט איינעם פון זיי געוואָלט אויפעסען.

„העלף מיר צו פאַרטרייבען דעם וואָלף", האָט איין שעפס געזאָגט



צום אַנדערן. „אַליין איז מיר שווער איהם בייצוקומען, אָבער אין צווייען איז שטאַרקער. ווען דו העלפסט מיר וועלען מיר איהם זיכער פאַרטרייבען".

„וואָס אַרט מיך פאַר דיר?" האָט דער אַנדער שעפס געלאַכט. „פון מיינטוועגען זאָל ער דיך אויפעסען".

דער וואָלף האָט דעם שעפס טאַקע אויפגעגעסען, אָבער אויף מאָר-

גען איז ער געקומען און האָט זיך גענומען צו עסען אויך דעב אַנדער שעפּס.

און ווען דער שעפּס האָט געזעהן אַז זיין ענדע איז שוין נאָהענט, האָט ער געזאָגט:

„יענער שעפּס האָט געהאַט רעכט. ווען איך וואָלט איהם געהאָלפען צו פאַרטרייבען דעם וואָלף נעכטען, וואָלטען מיר היינט ביידע געבליבען לעבען“.

---

## אַ ליעבהאָבער פון פריעדען

אהרן איז געווען אַ גרויסער ליעבהאָבער פון פריעדען, און ווען ער איז געשטאָרבען האָבען אַלע אידען שטאַרק געוויינט נאָך איהם.

אויסער דעם וואָס ער האָט ליעב געהאַט צו מאַכין שלום צווישען מענש און מענש, האָט ער פאַרהיט פיעלע מענשען פון אַ שלעכטען וועג.



ווען אהרן פלעגט באַגעגענען אַ שלעכטען מענשען פלעגט ער איהם באַגריסען זעהר פריינדליך און איהם געבען די האַנט. שפּעטער ווען דער שלעכטער מענש פלעגט וועלען טאָן עפּעס אַן אומרעכט פלעגט ער זיך דערמאָנען אַן אהרן און זאָגען צו זיך: „ווי וועל איך איהם קאָנען

נאכדעם קוקען גלייך אין די אויגען און ווי וועל איך קאנען אננעהמען זיין האנט ?"

ווען אהרן פלעגט הערען פון צוויי מענשען וואס האבען זיך צע־קריעגט און זיינען געווארען שונאים, פלעגט ער פריהער געהן צו איינעם און זאגען: „אה, ווי דיין פריינד פארדריסט עס! ער זיצט און וויינט און רייסט אויף זיך די קליידער און באדויערט וואס ער האט זיך שלעכט באגאנגען געגען דיר!"

אויף מארגען פלעגט ער געהן צו דעם אנדערען און זאגען אויך דאס זעלבע. דער סוף איז געבען אז ווען די צוויי צעקריעגטע פריינד פלעגען זיך באגעגענען אין גאס פלעגען זיי זיך פריינדליך באגריסען און ווערען וויעדער גוט פריינד.

---

## דעם קעניג׳ס סעודה

א קעניג האט אמאל איינגעלאדען זיינע אונטערטאנען אויף א מאל־צייט. ער האט זיי אבער ניט געזאגט די צייט ווען דער מאלצייט וועט געגעבען ווערען. האבען די קלוגע מענשען געזאגט: „צו וואס דארף דער קעניג באשטעלען פאר אונז א צייט? ער דארף דען זיך פארבע־רייטען פאר אונז? אין קעניג׳ס פאלאסט איז דא צו יעדער צייט פיעל גוטע זאכען צום עסען".

אזוי האבען די קלוגע געזאגט און זיי האבען זיך אנגעטאן יום טוב׳־דיג און זיינען אוועק צום פאלאסט און געווארט ביז מען וועט זיי אריינלאזען.

די נארען האבען אבער אנדערש געטראכט. „ווי קען מען מאכען א סעודה און זיך גאר ניט פארבערייטען?" האבען זיי געזאגט. „אז דער קעניג וועט זיין גרייט וועט ער אונז מסתמא לאזען וויסען ווען צו קומען". זיינען די נארען אוועק צו זייער ארבייט און צו זייערע גע־שעפטען.

מיט אמאל האט מען געהערט אין שטאדט אז דער מאלצייט האט זיך שוין אנגעפאנגען. זיינען די קלוגע געקומען אויסגעפוצט און די נארען פארשטויבט און וואכעדיג.

דער קעניג האָט זיך שטאַרק דערפרעהט מיט די קלוגע וועלכע זיינען געקומען שעהן אָנגעטאָן. און דער קעניג האָט געזאָגט: „די וואָס זיינען געקומען פערפּוצט זאָלען זיך זעצען צום טיש און עסען. די וואָס זיינען געקומען אין זייערע וואָכעדיגע קליידער זאָלען שטעהן און זיך צוקוקען ווי די אַנדערע עסען״.

און זייט דאַן געהען אַלע קלוגע ריין אָנגעטאָן צו יעדער צייט, און די נאַרען האַלטען זיך נאָך אַלץ ביי זייער געוואוינהייט, און געהען אַרום פאַרשטויבט און בלאָטיג.

---

## דער שלעכטער זוהן

אַ מאַן און פרוי זיינען אַמאָל געזעסען ביי זייער טיש און געגעסען. אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען אַ גרויסער טעלער אויף וועלכען עס האָט זיך געפונען אַ געבראָטענע קאַטשקע. פּלוצלונג האָט דער מאַן באַמערקט אַז זיין אַלטער פאָטער געהט צו איהם, האָט ער שנעל אַ כאַפּ געטאָן דעם טעלער מיט דער געבראָטענער קאַטשקע און האָט עס אַוועקגעטראָגען אין אַן אַנדער צימער, אום ער זאָל ניט דאַרפען געבען דערפון צו זיין פאָטער.

דער פאָטער איז אַריינגעקומען, און דער זוהן האָט איהם געגעבען אַ שטיק ברויט מיט זאַלץ צום עסען און אַ גלאָז וואַסער צו פאַרטרינקען. אַז דער אַלטער איז אַוועק האָט זיך דער זוהן אויפגעהויבען און געזאָגט צו זיין פרוי:

„יעצט געה איך צוריקברייינגען אַהער די געבראָטענע קאַטשקע און מיר וועלען דאָס עסען״.

אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעריהרט די קאַטשקע איז זי פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שלאַנג און איז אַרויפגעשפּרונגען אויף זיין פּנים. ער האָט זי פּרובירט אַרונטעררייסען, אָבער די שלאַנג האָט זיך נאָך טיפער אַריינגעשטאָכען אין זיין פּנים. זיין פרוי האָט אויך פּרובירט אַרונטערצורייסען די שלאַנג, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען און די שלאַנג האָט איהם גענומען בייסען.

אום די שלאַנג זאָל איהם ניט בייסען, האָט דער שלעכטער זוהן

געמוזט דעם שלאנג געבען וואס מעהר עסען, און זיין גאנצען לעבען האט ער ניט געקענט פטור ווערען פון דער שלאנג.

מענשען פלעגען קומען פון איבעראל אנקוקען דעם מענשען מיט'ן שלאנג אויפ'ן פנים. אנדערע פלעגען מיטבריינגען זייערע קינדער, אום זיי צו ציינען וואס עס ווערט פון איינעם וואס איז שלעכט צו זיינע עלטערן.

---

## געוואלט יוצא זיין פאר אלעמען

אמאל איז א פאטער געגאנגען אין וועג מיט זיין זוהן, און זייער אייזעל איז אויך געגאנגען מיט זיי. האט דער פאטער געריטען אויף דעם אייזעל און דער זוהן איז נאכגעגאנגען צו פוס. האט זיי אין וועג באגעגענט א מענש און ער האט געזאגט צו דעם פאטער:



„שעם זיך, דו אלטער! אליין רייטסטו אויפ'ן אייזעל און דיין יונג קינד לאזטו געהן צופוס!"

דער פאטער איז גלייך ארונטער און האט ארויפגעזעצט זיין זוהן אויף דעם אייזעל.

א צווייטער מאן האט זיי באגעגענט, און ער האט אויסגעשריען צום זוהן:

„דו שלעכטער זוהן! דו האָסט גאָר קיין רחמנות אויף דיין אַלטען פאָטער? אַליין רייטסטו אויפ׳ן אייזעל און דיין פאָטער לאָזטו געהן צופוס!"

דאַן איז דער פאָטער אויך אַרויף אויף דעם אייזעל און ביידע זיינען געפאָהרען רייטענדיג.

עס האָט זיי באַגעגענט אַ דריטער מאַן.

„שלעכטע מענשען!" האָט ער אויף זיי געשריען. „ווי האָט איהר עס קיין הארץ ניט צו רייטען ביידע צוזאַמען אויף אַן אָרעמע, שוואַכע באַשעפעניש?"

דאַן זיינען ביידע אַרונטער און זיינען צוזאַמען מיט׳ן אייזעל גע־גאַנגען צופוס.

באַלד האָבען זיי באַגעגענט אַ פערטען מאַן.

„דריי אייזלען געהען צוזאַמען", האָט ער געלאַכט פון זיי, „און קיינער האָט קיין שכל צו רייטען אַביסעל אויף דעם אַנדערן".

„וואָס זאָלען מיר טאָן אום יוצא צו זיין פאַר אַלעמען?" האָבען פאָטער און זוהן געפרעגט.

זיינען זיי ביידע געגאַנגען צופוס און גענומען דעם אייזעל אויף זייערע שולטערן און איהם געלאָזט רייטען אויף זיי.

---

## דער קעניג און זיינע אַרבייטער

אַ קעניג האָט אַמאָל פאַררופען אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער און האָט זיי געהייסען בעאַרבייטען די בוימער פון זיין גאָרטען. ער האָט זיי אָבער ניט געזאָגט דעם פרייז וואָס ער וועט זיי צאָהלען פאַר יעדען בוים. אין אָוועגד אַז די אַרבייט איז געווען געענדיגט, האָט דער קעניג גערופען די אַרבייטער אום זיי אויסצאָהלען פאַר זייער אַרבייט. איינציגווייז האָט ער זיי גערופען און געפרעגט, פריהער ביים ערשטען:

„ביי וועלכען בוים האָסטו זיך באַשעפטיגט?"

„ביי דיעזען", האָט דער אַרבייטער געענטפערט.

„דאָס איז אַ פעפער בוים", האָט דער קעניג געזאָגט. "פאַר דעם קומט דיר אַ גילדען".

נאָכדעם האָט דער קעניג צוגערופען אַ צווייטען און האָט ביי איהם געפרעגט:

„ביי וועלכען בוים האָסטו זיך באַשעפטיגט?“

אָט דאָ, ביי דיזען“, האָט דער צווייטער געענטפערט.

„דיעזער איז אַ פייגענבוים“, האָט דער קעניג געענטפערט. „עס קומט דיר פאַר איהם בלויז אַ האַלבען גילדען“.

דער קעניג האָט צוגערופען ווידער אַן אַנדערען און איהם געפרעגט ביי וועלכען בוים ער האָט געאַרבייט.

„ביי דיזען“, האָט דער אַרבייטער געענטפערט.

„דאָס איז אַן אייל̃בערט בוים“, האָט דער קעניג געזאָגט. „פאַר דיזען בוים קומט דיר צוויי הונדערט גילדען“.

ווען די אַרבייטער האָבען דאָס דערהערט האָבען זיי געפרעגט דעם קעניג: „וואָרום האָסטו אונז פריהער ניט געזאָגט וואָס דו צאָהלסט פאַר יעדען בוים באַזונדער“.

„ווען איך וואָלט אייך דאָס געזאָגט“, האָט דער קעניג געענטפערט, „וואָלט יעדער פון אייך געטאָן די אַרבייט וואָס בעצאָהלט זיך בעסער און מיין גאָרטען וואָלט געבליבען ניט בעאַרבייט“.

---

## צדקה

מר־עוקבא איז געווען אַ רייכער מאַן, און ניט ווייט פון זיין הויז האָט געוואוינט זעהר אַן אָרעמער מאַן. יעדען יאָהר, גראַדע אום ערב יום כפור, פלעגט מר־עוקבא צושיקען דעם אָרימען מאַן פיער הונדערט זוזים אום ער זאָל האָבען פון וואָס צו לעבען. אַזוי האָט מר־עוקבא געטאָן יאָהר פאַר יאָהר, אַ לאַנגע צייט. דאָס געלד פלעגט ער צושיקען דורך זיין דיענער.

איינמאָל האָט מר־עוקבא די פיער הונדערט זוזים געשיקט דורך זיין זוהן. אין אַ קורצע צייט איז דער זוהן געקומען אַהיים און צוריק געגעבען זיין פאָטער דאָס גאַנצע געלד.

„וואָרום האָסטו דאָס געלד צוריקגעבראַכט?“ האָט דער פאָטער געפרעגט, „וואָרום האָסטו דאָס ניט אָפּגעגעבען דעם אָרימען מענשען?“

„ער דאַרף דיין געלד ניט", האָט דער זוהן געענטפערט.

„וואָס מיינסטו מיין קינד, ער דאַרף ניט?" האָט מר־עוקבא געפרעגט. „פון וואַנען ווייסטו אַז ער דאַרף ניט?"

„ווייל", האָט דער זוהן ערקלערט, „ווייל אַז איך בין געוועזן ביי איהם אין הויז האָב איך געזעהן ווי מען טרינקט ביי איהם טייערען אַלטען וויין".

„אויב אַזוי", האָט מר־עוקבא געזאָגט, „מוז ער דאָך זיין אַ מענש וואָס איז געוואוינט צו גוטע זאַכען און ער דאַרף האָבען מעהר געלד".

מר־עוקבא האָט די סומע פאַרדאָפּעלט און האָט זייט דאַן אָנגע־פאַנגען צו שיקען דעם אָרימאַן 800 זוזים אַנשטאָט 400.

ווען מר־עוקבא האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען, האָט ער געהייסען פאַר זיך ברייננגען זיינע ביכער און גענומען מאַכען אַ רעכנונג פון דעם וויפיעל ער האָט אין זיין לעבען פאַרטיילט אויף צדקה. ווען ער האָט אַלעס צוזאַמענגערעכענט האָט ער געזעהן אַז אין פאַרלויף פון זיין גאַנ־צען לעבען האָט ער פאַרטיילט ניט מעהר ווי זיעבען טויזענד גאָלדענע רענדלאַך.

„אָה, איך האָב נאָך גאָר ניט אָנגעפאַנגען צו געבען!" האָט מר־עוקבא אויסגערופען, און גלייך האָט ער פאַרטיילט אַ העלפט פון זיין פאַר־מעגען אויף די אָרימע פון זיין שטאָדט.

---

## די בעסטע כלה

אַמאָל איז געווען אַ פּרינץ איז ער געווען שעהן, גוט און קלוג. זיינע עלטערן האָבען איהם זעהר ליעב געהאַט און דאָס גאַנצע פאָלק האָט איהם אויך געליעבט. גרויסע מלכים פון אַנדערע לענדער וואָס האָבען פון דעם פּרינץ געהערט און האָבען געהאַט טעכטער האָבען איהם גע־וואָלט האָבען פאַר אַן איידים. אָבער דער פּרינץ פלעגט אימער זאָגען:

„איך וועל חתונה האָבען נאָר מיט אַ טאָכטער פון מיין פאָלק און פון מיין לאַנד".

שפּעטער איז דער פּרינץ בעקאַנט געוואָרען מיט דריי מיידלאַך וועלכע זיינען געווען שוועסטער, און די שוועסטער זיינען געווען אַזוי

שעהן דאָס איז אוממעגליך געווען צו דערקענען וועלכע פון זיי איז די שעהנסטע. דער פרינץ האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקענט באַשליסען, וועמען פון די דריי שוועסטער ער זאָל נעהמען.

איינמאָל האָט דעם פרינץ׳ס מוטער, די קעניגען פון לאַנד, איינגעלאַדען די דריי שוועסטער צו זיך אין פּאַלאַסט. ביים טיש האָט די קעניגין צו יעדע איינע פון די שוועסטער דערלאַנגט אַן עפּעל. דערביי האָט זי אַ וואונק געטאָן צו דעם פּרינץ ער זאָל זיך צוקוקען ווי זיי עסען.

די עלטסטע האָט גענומען דעם עפּעל און האָט עס געגעסען מיט די שאָלעכטס.



„מיט דיעזער וועל איך ניט חתונה האָבען", האָט דער פּרינץ זיך געטראַכט. „זי איז ניט אַ ציכטיגע פּערזאָן, און זי איז אַ פרעסערקע."

די צווייטע האָט גענומען אַ מעסער און אָפּגעשיילט דעם עפּעל, אָבער זי האָט אָבגעשיילט די הויט צו דיק, צוזאַמען מיט גרויסע שטי־קער עפּעל.

„דיעזע איז אַ פאַרשווענדערין און זי וועט ניט זיין אַ שפּאַרזאַמע פרוי", האָט זיך דער פּרינץ געטראַכט. „זי איז אויך ניט פאַר מיר".

די דריטע האָט אויך גענומען אַ מעסער אין האַנד, אָבער זי האָט

אפגעשיילט די הויט אזוי דין און אזוי פארזיכטיג, אז פון דעם עפעל איז גארניט פארלארען געגאנגען.

"אט מיט דיזער וועל איך חתונה האבען", האט דער פרינץ געזאגט שטילערהייט צו זיין מוטער. „זי וועט זיין א גוטע ווירטין".

## א מעשה מיט א קוה

אן אלטער פארמער איז געווען קראנק און האט געהאלטען ביים שטארבען, און איידער ער האט צוגעמאכט די אויגען אויף אימער, האט ער צוגערופען זיינע דריי זיהן און האט צו זיי אזוי געזאגט:

„מיינע קינדער! איך געה אוועק פון דער וועלט. קיין גאלד און זילבער האב איך אייך ניט איבערלאזען, אויסער מיין פעלד וועלכע איהר וועט זיך צעטיילען אויף גלייכע חלקים. קיינער פון אייך זאל זיך נעהמען מעהר ווי דער אנדערער. און די קוה, די איינציגע קוה, וואס איך לאז אייך איבער, זאלט איהר פארקויפען און דאס געלד צעטיילען צווישען אייך אויף גלייכע חלקים".

דער פארמער איז געשטארבען, די קינדער האבען זיך צעטיילט מיט דעם פעלד, אזוי ווי דער פאטער האט זיי געהייסען, אבער ווען עס איז געקומען צו פארקויפען די קוה, האט איינער פון זיי געזאגט:

„וואָרום זאלען מיר פארקויפען אזא גוטע קוה צו א פרעמדען? איז ניט בעסער אז זי זאל בלייבען ביי אונז?"

„געווים איז בעסער אז זי זאל בלייבען ביי אונז", האט אן אנדער ברודער געזאגט. „די פראגע איז, ביי וועמען?

„איך האב א פלאן", האט געזאגט דער עלטסטער ברודער. „מיר וועלען אויסבויען דריי נייע שטאלען. יעדער איינער פון אונז וועט אויסבויען א בעזונדער שטאל, און אין וועמענס שטאל די קוה וועט וועלען בלייבען, צו יענעם זאל זי געהערען".

דער פלאן איז די ברידער געפעלען געווארען און זיי האבען זיך גענומען צו בויען די שטאלען. ווען די שטאלען זיינען פארטיג געווארען, האט דער עלטסטער ברודער זיין שטאל בעציערט מיט שעהנע בילדער און מיט בלומען טעפ. דער צווייטער ברודער האט אין זיי'ן

שטאָל אַריינגעשטעלט אַ שפּיעל קאַסטען וואָס האָט געשפּיעלט שעהנע מוזיק, און דער אינגסטער ברודער האָט זיין שטאָל אויסגעבעט מיט אַ סך שטרוי, און אין אַ ווינקעל האָט ער אָנגעלעגט אַ גרויסען בינטעל פרישע היי.

ווען די קוה איז געקומען פון פעלד, איז זי פריהער אַריין אין דער ערשטער שטאָל, האָט דאָרט איבערגעקעהרט די בלומען טעפּ און איז אַרויס. נאָכדעם איז זי אַריין אין דער שטאָל וואו די מוזיק האָט גע־שפיעלט, האָט אַ רעווע געטאָן אַביסעל בייז און איז אַרויסגעלאָפען וואַרפענדיג מיט׳ן עק. צולעצט איז זי אַריין אין דער דריטער שטאָל, האָט זיך דאָרט אויסגעלעגט אויף די שטרוי און איז שוין דאָרט פאַר־בליבען.

---

## שלים־שלים מזל

האָט איהר ווען געהערט פון שלים־שלים מזל?

שלים־שלים מזל איז אַ מענש וואָס איהם טרעפען כסדר אומגליקען. וואו ער געהט און וואו ער שטעהט טרעפט איהם עפּעס אַ סיבה. אַלץ וואָס ער וויל טאָן, לאָזט זיך אוים פונקט קאַפּויר.

שלים־שלים מזל האָט איינמאָל געוואָלט מאַכען פייער אין הויז, ווייל עס איז געווען אַ קאַלטער פריהמאָרגען. איז ער אַרויס אין הויף, האָט ער דאָרט אַ ברעקעל האָלץ ניט געפונען.

איז שלים־שלים מזל אַוועק אין וואַלד און געוואָלט אָנהאַקען האָלץ. האָט ער דערזעהן אַ סטאַדע וועלף. איז ער אַנטלאָפען פון די וועלף און איז געלאָפען צו אַ בריק.

קומענדיג צום בריק איז דער בריק איינגעפאַלען ווי נור שלים־שלים מזל האָט אויף איהם אַרויפגעשטעלט זיין פוס. און שלים־שלים מזל איז אַריינגעפאַלען אין וואַסער.

וואָס זאָל ער איצט טאָן? זאָל ער שווימען? האָט ער מורא געהאַט אַז ביז ער וועט קומען צו דעם אַנדער ברעג וואַסער וועט ער דערטרונקען ווערען. זאָל ער געהן צוריק, וועלען איהם די וועלף אויפעסען.

שלים־שלים מזל איז געשוואומען און געשוואומען, און ווען ער האָט

שוין געהאַלטען ביי דערטרונקען ווערען, זיינען אָנגעקומען פישער און האָבען איהם געראַטעוועט. די פישער האָבען איהם געבראַכט צו אַ זיכערען אָרט, אין וואַלד. און שלים־שלים מזל האָט זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען האַקען האָלץ.

ער האָט אַזוי לאַנג געהאַקט האָלץ ביז ער איז מיעד געוואָרען און איז איינגעשלאָפען אין וואַלד. אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף האָט ער געזעהן אַז די האָלץ האָט אימיצער צוגענומען.

פאַרפאַלען! מסתמא איז איינער געקומען אין וואַלד האַקען האָלץ און זעהענדיג אַז עס איז דאָ פאַרטיגע, האָט ער דאָס צוגענומען.

נו, האָט שלים־שלים מזל אָנגעהאַקט אַנדערע האָלץ און דאָס גע־טראָגען אַהיים. אָבער ביז ער איז געקומען אַהיים האָט זיך דאָס וועטער געענדערט און עס איז געוואָרען וואַרם, און מען האָט מעהר ניט געדאַרפט הייצען.

---

## שטיקלאַך און ברעקלאַך

אַמאָל איז געווען אַ מיידעל איז זי געווען זעהר אַ שעהנע, אָבער זי איז געווען זעהר פויל און נאַכלעסיג. אַזוי נאַכלעסיג איז זי געווען, אַז ווען זי פלעגט זיך נעהען אַ קלייד פלעגט זי גאַנצע שטיקער קליידער שטאָף אַרויסוואַרפען. אין דער הויז האָט געאַרבייט אַ דיענסט און זי פלעגט די אַוועקגעוואָרפענע שטיקלאַך און ברעקלאַך אויפקלייבען און בעהאַלטען.

איינמאָל, אַז די דיענסט האָט שוין געהאַט אַ סך פון דיעזע שטיק־לאַך שטאָף, האָט זי זיי אַרויסגענומען פון איהר קאַסטען, גוט בעטראַכט, און נאָכדעם האָט זי זיך גענומען צו דער אַרבייט צו מאַכען פון דעם אַ קלייד פאַר זיך. זי האָט אַזוי פלייסיג געאַרבייט דאָס פון די שטיקלאַך און ברעקלאַך איז אַרויסגעקומען אַ זעהר שעהנע קלייד. זי האָט דאָס קלייד קיינעם געצייגט און האָט עס באַהאַלטען ביי זיך אין קאַסטען.

איינמאָל איז אין דער שטאָדט געקומען צופאָהרען אַ פרינץ וואָס האָט זיך געזוכט אַ כלה, און אַז ער האָט דערזעהן די שעהנע מיידעל האָט ער זיך פאַרליעבט אין איהר און האָט איהר געבעטען צו ווערען

זיין כלה. מען האט באשטימט דעם טאג פון דער חתונה און די גאנצע שטאדט איז איינגעלאדען געווארען צו קומען אויף דער גרויסארטיגער האכצייט.

אויף דער חתונה האט די דיענסט אויך געטאנצט אין דער קלייד וואס זי האט די גאנצע צייט געהאט באהאלטען. אלע האבען באַוואונדערט די שעהנע קלייד און ווען די כלה האט עס דערזעהן, האט זי מקנא געווען וואס דער פרינץ קוקט אויף דער דיענסטמיידעל, און זי האט אויסגערופען אין דער הויך: „שטיקלאך און ברעקלאך!"

דער פרינץ האט געוואלט וויסען וואס דאס בעדייט, און די כלה האט איהם דערצעהלט, ווי די דיענסט האט זיך די קלייד געמאכט פון די שטיקער שטאף וואס זי האט אוועקגעווארפען. ווי נור דער פרינץ האט דאס דערהערט און האט געזעהן דעם אונטערשיעד צווישען זיין כלה, וועלכע איז געווען פויל און א פארשווענדעריך, און די דיענסט־מיידעל וועלכע איז געווען פלייסיג און שפארזאם, האט ער באלד חרטה בעקומען אויף דעם שידוך און האט חתונה געהאט מיט דער דיענסט־מיידעל.

---

## מענדעל פענדעל

מענדעל איז געווען א איינגעל פון ניין יאהר אלט, און ער האט גע־האט א טבע צו דערצעהלען זאכען וואס זיינען ניט געשעהן אין דערווירקליכקייט. ער איז אבער ניט געווען א ליגנער, ער האט ניט געמיינט קיינעם אפצונארען, נור ער פלעגט זיך אליין איינריידען זאכען וואס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, און נאכדעם פלעגט ער זיי דערצעהלען אנדערע, מיינענדיג אז ער דערצעהלט אן אמת.

זיינע חברים פלעגען איהם אין שפאס רופען „מענדעל פענדעל". און אמאל, אז ער פלעגט זיי עפעס דערצעהלען א זאך וואס זיי האבען ניט געוואלט גלויבען, פלעגען זיי אויף איהם זינגען א ליעדעל:

מענדעל פענדעל
כאפ א הענדעל!
גאדיר א בייגעל

כאַפּ אַ פויגעל !
שמיץ וועט קריגען
דער וואָס זאָגט אַ ליגען !

מענדלען פלעגט פאַרדריסען וואָס זיינע חברים מאַכען פון איהם שפּאַס. פלעגט ער אויף זיך נעהמען מעהר ניט צו דערצעהלען זאַכען, סיידען ער וויים אויף ריכטיג אַז די זאַכען זיינען טאַקע געשעהן. אָבער לאַנג האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען, און ווען עס פלעגט איהם עפּעס איינפאַלען אַ ווילדע זאַך, פלעגט ער ווידער דערצעהלען, אַזוי ווי דאָס וואָלט טאַקע געשעהן אויף דער אמת.

איינמאָל האָט איהם זיין פאָטער געשיקט אין פעלד אויפזוכען זייער קוה. מענדעל פענדעל איז אַוועק אויף דעם גאַנצען טאָג און מען האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען. די קוה איז דערווייל געקומען אַהיים אָהן איהם. פאַרנאַכט איז מענדעל אויך געקומען.

„נו, האָסטו געפונען די קוה ?“ האָט איהם זיין פאָטער געפרעגט אין שפּאַס.

„ניין“, האָט מענדעל געענטפערט. „די קוה האָב איך ניט געפונען, אָבער איך האָב געכאַפּט דריי שעהנע פויגעלאַך“.

„וואו זיינען דיינע פויגעלאַך ?“ האָט דער פאָטער געפרעגט.

„איינעם הער איך ווי ער זינגט, דעם צווייטען זעה איך אויף אַ בוים, און דעם דריטען זעה איך אויפ׳ן דאַך פון דער שטאַל“.

אָט אַזאַ אינגעל איז געווען מענדעל. ניט אומזיסט האָבען זיינע חברים געלאַכט פון איהם און איהם גערופען „מענדעל פענדעל“.

---

## די קעלבעלע

רבי יהודה הנשיא איז געווען אַ גרויסער געלעהרטער און פרומער מאַן. עס ווערען פון איהם דערצעהלט זעהר וואונדערפולע געשיכטען און דאָס איז איינע פון זיי.

איינמאָל ,ווען ער איז געשטאַנען אין אַ שלאַכט הויז, האָט מען געבראַכט אַ קאַלב צו שעכטען. די אָרימע קעלבעל האָט געפיהלט אַז עס קומט איהר סוף, האָט זי אונטערגעשטעקט איהר קאָפּ אונטער

רבי יהודה'ס מאנטעל, אזוי ווי זי וואָלט איהם בעטען ער זאָל רעטען איהר לעבען. אָבער רבי יהודה האָט צו דער קעלבעל געזאָגט: „געה! דו ביזט צו דעם געשאַפען, און איך קאָן דיר ניט העלפען". די קעלבעל האָט געמוזט געהן צו דער שחיטה, אָבער רבי יהודה הנשיא האָט נאָכ־דעם באַקומען חרטה אויף דעם וואָס ער האָט ניט געפאָלגט די שטומע געבעט פון דער קעלבעל. אַ לאַנגע צייט האָט ער די קעלבעל ניט געקאָנט פאַרגעסען. עס האָט זיך איהם געדאַכט אַז זי שטעהט פאַר איהם, קוקט אויף איהם און בעט מיט איהרע בליקען אַז ער זאָל איהר לאָזען לעבען און פאַרמיידען אַז זי זאָל אַזוי יונג אַוועק פון דער וועלט. אין די אויערען האָט איהם געקלונגען אַ שטימע: „איך בין נאָך אַ קליינע יונגע קעלבעלע. איך וויל נאָך טאַנצען און שפּרינגען אין פעלד. איך וויל זיך נאָך פּאַשען אין די גרינע גראָז, אונטער דער ליכטיגער זונן, און טרינקען וואַסער פון פרישען קוואַל. אָה, הייליגער מאַן! לאָז מיך נאָך לעבען!"

און דער גרויסער נשיא האָט זיך די זאַך אַזוי גענומען צום האַרצען, דאָס ער האָט דרייצעהן יאָהר כסדר געליטען די גרעסטע יסורים. אָבער ביי דער ענדע פון דרייצעהן יאָהר האָט זיך געמאַכט אַ געשיכטע וואָס האָט איהם לייכטער געמאַכט זיינע שמערצען.

די דיענסט פון דעם נשיא האָט אין אַ ווינקעל פון הויז געפונען אַ קאַץ מיט קליינע, בלינדע קעצעלאַך, וואָס זיינען ערשט געבוירען גע־וואָרען. די דיענסט האָט די קליינע קעצעלאַך געוואָלט דערטרינקען, אָבער רבי יהודה האָט איהר פון דעם אָפּגעהאַלטען און האָט געזאָגט: „דיעזע קליינע, בלינדע קעצעלאַך זיינען גאָט'ס באַשעפעניסען. ער האָט זיי געגעבען לעבען, און מיר טאָרען פון זיי ניט אַוועקנעהמען דאָס וואָס גאָט האָט זיי געגעבען".

און זייט דאַן האָט רבי יהודה געפיהלט בעסער און האָט מעהר קיין יסורים ניט געליטען.



# גאָלד און אייזען

אַל כוזרי, דער יונגער פּערזישער קראָנפּרינץ, איז געקומען פון אַ שפּאַציר. ווען ער איז אַריין אין זיין צימער האָט ער אונגערן צוריסען זיין טייערען זיידענעם מאַנטעל אָן אַ קליין אייזערנעם נאָגעל.

„דיעזער מעטאַל, אייזען" האָט דער פּרינץ געזאָגט, „איז דער ערגסטער מעטאַל אין דער וועלט. ווען איך וועל ווערען קעניג, וועל איך אויסראָטען די גאַנצע אייזען פון מיין לאַנד".

איהר ערגערט זיך אומזיסט, פּרינץ!" האָט צו איהם זיין לעהרער געזאָגט. „פאַרגעסט ניט אַז די נאָדעל, וואָס האָט אייער מאַנטעל גענעהט איז אויך פון אייזען".

„דאָס מאַכט ניט! אַ נאָדעל קאָן מען מאַכען אויך פון גאָלד!"

„מיט די אייזערנע שווערדען וועט מיין הערר פּרינץ באַזיגען זיינע פיינדע!"

„גאָלדענע שווערדען זיינען פיעל שענער!"

„וועלען דאָך די פאַרמערס שטאַרבען פון הונגער, ווען זיי וועלען ניט האָבען קיין אייזערנע אַקערס צו אַקערען די פעלדער".

„איך וועל זיי געבען גאָלדענע אַקערס!"

דער לעהרער האָט געצויגען מיט זיינע אַקסלען און געשוויגען.

מיט אַ יאָהר שפּעטער איז דער קראָנפּרינץ געפאָהרען מיט זיין לעהרער אין די גרויסע און רייכע גיטער וואָס בעלאַנגען צום קעניג. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ גאָלד מינע. דאָרט זיינען געלעגען אַ גרויסע צאָהל צובראָכענע העק און האַמערס און אויך צוויי קליינינקע שטיקעלאַך גאָלד. דער פּרינץ האָט זיך פאַרוואונדערט און געפרעגט ביי זיין לעהרער.

„איז עס ווירקליך אַזוי שווער צו באַקומען דעם גאָלדענעם מעטאַל, אַז מען דאַרף צוברעכען אַ סך העק צוליעב צוויי ברעקלאַך גאָלד?"

„געוויס!" ענטפערט זיין לעהרער, „צו באַקומען אַ שטיקעל גאָלד גרויס ווי אַ קערענדעל, דאַרף מען האָבען אַ האַמער, וואָס איז גרעבער טויזענד מאָל פון דעם קליינעם נאָגעל, וואָס האָט פאַריגען יאָהר צוריסען אייער מאַנטעל".

„אָבער איך וויל דאָך ניט האָבען קיין אייזען אין מיין לאַנד“, האָט דער פרינץ געזאָגט.

„אָהן אייזען וועט איהר קיין גאָלד אויך ניט האָבען“, ענטפערט דער לעהרער.

דער יונגער פרינץ האָט זיך פאַרטראַכט, נאַכהער האָט ער אַרומ־גענומען זיין לעהרער מיט ליעבשאַפט און געזאָגט:

„איהר זייט גערעכט, גוטער לעהרער. איצט פערשטעה איך אַז אין גאָלד האָבען מיר שעהנקייט און אין אייזען — שטארקייט.

---

## דער קרומער שטיין.

אין אַ גאַס, וואָס איז געווען ברוקירט מיט שטיינער, איז געווען איין שטיין וואָס איז געווען אַ ביסעל ניט גלייך. אַלע שטיינער זיינען געלעגען גלייך. נור דיזער שטיין האָט גלייך ניט געקענט ליגען. ער האָט אַ ביסעל אַרויסגעשטעקט העכער פון די אַנדערע.

איינמאָל איז אַ וואָגען דורכגעפאָהרען, האָט ער דעם שטיין ארויס־געריסען פון זיין אָרט.

האָט דער שטיין געזאָגט:

„גוט אַזוי! מיר פּאַסט ניט צו ליגען מיט די אַנדערע שטיינער. ווער בין איך און ווער זיינען זיי? עס איז מיר געווען זעהר איינג די וועלט צוזאַמען מיט זיי, און איצט בין איך פריי“.

איז געקומען אַ קליינער אינגעל און האָט דעם שטיין אויפגעהויבען.

„אָט אַזוי וויל איך!“ האָט דער שטיין געזאָגט. „איך האָב זיך געוואָלט אויפהויבען פון דער ערד, האָב איך זיך אויפגעהויבען. גענוג געלעגען אויף דער ערד. שוין צייט צו שטייגען העכער“.

האָט גענומען דער אינגעל און דעם שטיין אַ וואָרף געטאָן אין דער לופט.

„אַי גוט“. האָט דער שטיין אויסגערופען. „עס האָט זיך מיר זעהר געוואָלט פליהען אַ ביסעל אין דער לופט. איך האָב אַזוי ליעב די קלאָרע לופט אין דער הויך!“

דער שטיין איז געפאַלען אין אַ פענסטער און האָט צובראָכען אַ שויב. האָט די שויב אויסגערופען מיט כעס:

„אַט דאָס הייסט אַ חוצפּה!"

אָבער דער שטיין האָט געענטפערט מיט גאוה:

„שולדיג ביזטו אַליין. ווארום האָסטו זיך ניט אָפּגערוקט אָן אַ זייט. איך האָב פיינט אַז מען שטעלט זיך מיר אין וועג. זעהר רעכט אויף דיר! וועיטער וועסטו שוין וויסען".

דער שטיין איז געפאַלען אויף דעם קאַרפעט אין הויז און האָט זיך געזאָגט:

„אַזוי לאַנג ווי איך האָב געוואָלט פליהען בין איך געפלויגען, און איצט וויל איך מיך צולייגען און אָפּרוהען".

ווען די מענשען פון הויז האָבען געפונען דעם שטיין האָבען זיי איהם גענומען און צוריק אַרויסגעוואָרפען אין גאַס.

און ווען דער שטיין איז ווידער געלעגען אויף זיין אַלטען אָרט, אויף דער ערד, האָט ער אויסגערופען צו די אַנדערע שטיינער:

„וואָס מאַכט איהר, מיינע ברידער? איך האָב געמאַכט אַ שעהנע לוסט רייזע, מען האָט מיך אריינגענומען אין אַ גרויסאַרטיגען פּאַלאַסט, אָבער איך האָב דאָרט ניט געוואָלט זיין מיט די שטאָלצע מענשען, איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך אייך, מיינע איינפאַכע ברידער!"

---

## דער קלוגער פּאַסטוכעל

אין אַ וועיטער לאַנד האָט אַמאָל געלעבט אַ גרויסער קעניג, האָט ער געהערט אַז אין זיין לאַנד געפינט זיך אַ יונגער פּאַסטוכעל וואָס איז זעהר קלוג. האָט דער קעניג געשיקט נאָך דעם פּאַסטוכעל און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

„אויב דו וועסט מיר ענטפערען אויף די דריי פראַגען וואָס איך וועל ביי דיר פרעגען, וועל איך דיך צונעהמען אין פּאַלאַסט און איך וועל דיך האַלטען דיין גאַנצען לעבען".

„איך וועל פּרובירען ענטפערען לויט מיין פאַרשטאַנד", האָט דער קליינער פּאַסטוכעל געענטפערט.

„מיין ערשטע פראגע", האט דער קעניג געזאגט, „איז וויפיעל טראפענס וואסער זיינען דא אין ים?"

„דאס קאן מען לייכט אויסגעפינען," האט דער פאסטוכעל גע־ענטפערט. „זאל דער קעניג געבען א בעפעהל אז מען זאל אבשטעלען אלע וואסערען וואס לויפען אין ים, דאן וועל איך קאנען די טראפענס איבערצעהלען".

דער קעניג, זעהענדיג אז דער קליינער פאסטוכעל האט איהם דיזען מאל בעזיעגט, האט ער איהם געשטעלט די צווייטע פראגע:

„איצט, קענסטו מיר זאגען וויפיעל שטערן עס זיינען דא אין הימעל?"

דער פאסטוכעל האט גענומען א גרויסען בויגען פאפיר האט איהם עטליכע מאל צוזאמענגעלייגט און נאכדעם האט ער גענומען א נאדעל געשטאכען און געמאכט לעכלאך אין אלע זייטען. עטליכע מינוט האט ער אזוי געשטאכען דעם בויגען פאפיר און נאכדעם האט ער עס דער־לאנגט דעם קעניג און געזאגט:

„ווען דו וועסט איבערצעהלען די אלע לעכעלאך וואס זיינען דא אין דעם פאפיר, וועל איך דיר זאגען פיעל שטערן עס זיינען דא אין הימעל".

„איצט קומט די דריטע פראגע", האט דער קעניג געזאגט: „ווי פיעל סעקונדען איז דא אין דער עוויגקייט?"

„איך וועל דיר זאגען", האט דער פאסטוכעל געענטפערט. „פאר טויזענד מייל וויים פון דאנען געפינט זיך א שטיינערנער בארג וואס איז א מייל די ברייט, א מייל און א האלב די לענג און א מייל און א האלב די הויך. איינמאל אין טויזענד יאהר קומט צו דעם בארג א פויגעל און רייבט אפ דעם שנאבעל אן דעם בארג. ווען דער בארג וועט אין גאנצען אפגעריבען ווערען וועט דאס זיין איין סעקונדע פון דער עוויג־קייט".



# דריי לעבעדיגע בלומען

דריי גוטע פרויען האָבען אַמאָל געלעבט. זיי זיינען געווען אַזוי גוט און אַזוי פרום, דאָס זיי זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין בלומען און זיי זיינען געוואַקסען אויפ'ן פעלד. די זונן האָט זיי גֶעוואָרעמט און דער רעגען האָט זיי געשפּייזט, אָבער בלויז איינע פון זיי האָט געקאָנט געהן ביינאַכט אַהיים צו איהר מאַן. ווען עס פלעגט ווערען טאָג פלעגט זי פאַרשוואונדען ווערען פון איהר מאַנס הויז און זיך ווידער געפינען אין פעלד.

דער מאַן האָט זעהר שטאַרק געבענקט נאָך איהר, און יעדען מאָל



ווען זי פלעגט צו איהם קומען, פלעגט ער איהר בעטען אַז זי זאָל מיט איהם בלייבען, און קיינמאָל מעהר ניט אַוועקגעהן פון איהם. ער האָט איהר אַזוי לאַנג געבעטען, ביז די פרוי האָט צו איהם איינמאָל געזאָגט:

„קום אין פעלד ווען עס שלאָגט די נײַנטע שטונדע, און רײַס מיך אויס פון דאָרט און טראָג מיך אַוועק אַהיים. דאַן וועל איך שוין קיינ־מאָל פון דיר אַוועקגעהן".

דער מאַן איז געקומען אין פעלד און האָט געזעהן דריי בלומען וועלכע זיינען אַלע געווען די זעלבע גרויס און האָבען געהאַט דעם

זעלבען אויסזעהן. האָט ער ניט געוואוסט וועלכע פון די דריי בלומען איז זיין פרוי.

האָט ער גערעדט צו זיי, אָבער די בלומען האָבען געשוויגען און ניט געענטפערט קיין וואָרט. האָט ער זיך ביי זיי געבעטען און געוויינט פאַר זיי, אָבער די בלומען זיינען געוועזן שטום.

איז דער מאַן אַוועק צוריק אַהיים מיט אַ צובראָכענער האַרץ. ביינאַכט איז זיין פרוי געקומען צו איהם.

„פאַרוואָס האָסטו מיך ניט אויסגעריסען?“ האָט די פרוי געפרעגט.

„פאַר וואָס האָסטו מיר ניט געענטפערט?“ האָט דער מאַן געזאָגט. „איך האָב צו דיר גערעדט, איך האָב זיך ביי דיר געבעטען, איך האָב געוויינט פאַר דיר און דו האָסט געשוויגען“.

„ווען איך בין אַ בלום קאָן איך ניט ריידען“, האָט די פרוי געענטפערט. „אָבער ווען דו וועסט זיך גוט צוקוקען צו מיר, וועסטו מיך דערקענען“.

אין דער פריה איז די פרוי ווידער אַוועק און דער מאַן איז שפּע־טער געקומען צו דעם פעלד. ער האָט באַטראַכט די דריי בלומען און האָט באַמערקט אַז צוויי פון זיי זיינען פייכט פון דעם מאָרגען טהוי, אָבער איינע איז אַ טרוקענע.

„אָט די טרוקענע איז מיינע“, האָט ער צו זיך געזאָגט, „ווייל זי קומט אין דער פריה, פון שטאָדט, נאָכדעם ווי דער טהוי געהט שוין אַוועק“. ער האָט זי אויסגעריסען און אַוועקגעטראָגען אַהיים. פון דאַן אָן איז זי אימער געוועזן מיט איהם.

---

## דער גוטער מענש

דער גרויסער רבי עקיבא פלעגט אַרומפאָהרען איבער פאַרשיעדענע שטעדט צו קלייבען געלד פאַר די תלמידים וואָס פלעגען לערנען אין זיין ישיבה. די צאָהל פון די תלמידים איז געוועזן זעהר גרויס. עס ווערט דערצעהלט אַז אין איין צייט האָט רבי עקיבא געהאַט 24,000 תלמידים, וואָס האָבען ביי איהם געלערענט. און די אָרימע פון זיי פלעגט ער באַזאָרגען מיט אַלעם וואָס זיי האָבען געדאַרפט האָבען צום לעבען.

ווען רבי עקיבא פלעגט קומען אין דער שטאָדט אַנטיאָכאַ פלעגט ער באַזוכען אַ רייכען מאַן אבאָ יודן, און פלעגט יעדען מאָל ביי איהם באַקומען אַ גרויסע נדבה.

מיט דער צייט האָט זיך געמאַכט אַן אומגליק און דער רייכער אַבאָ יודן האָט פאַרלאָרען זיין גאַנצען פאַרמעגען און איז געבליבען אַן אָרימאַן. און ווען רבי עקיבא איז געקומען נאָכאַמאָל אין דער שטאָדט, האָט זיך אַבאָ יודן זעהר שטאַרק גענומען צום הארצען וואָס ער קאָן איהם ניט געבען אַ שעהנע נדבה, ווי ער פלעגט אימער טאָן.

„וואָס טוט מען ?“ האָט אבאָ יודן געפרעגט ביי זיין פרוי. „רבי עקיבא איז דאָ אין שטאָדט און איך האָב ניט וואָס איהם צו געבען“.

„ווי קאָנסטו דאָס זאָגען ?“ האָט זיין פרוי געזאָגט. „מיר האָבען נאָך אַ שטיק פעלד, און ווען מיר זאָלען פאַרקויפען אַ העלפט פון דעם פעלד וועלען מיר האָבען גענוג אויף צו געבען אַ שעהנע נדבה צו רבי עקיבא“.

אַבאָ יודן האָט אַזוי געטאָן, און אַז רבי עקיבא איז צו איהם געקומען האָט ער איהם דערלאַנגט די זעלבע סומע געלד וואָס ער פלעגט איהם אימער געבען.

רבי עקיבא האָט גענומען דאָס געלד און האָט דעם געבער גע־בענשט.

ווען אַבאָ יודן איז נאָכדעם אַרויס אין זיין פעלד אַקערען, האָט זיין אָקס מיט וועלכען ער האָט געאַקערט זיך אויסגעגליטשט, געפאַלען און האָט זיך צובראָכען אַ פוס. אַבאָ יודן האָט שטאַרק געוויינט אויף זיין אונגליק. דען אָהן דעם אָקס איז איהם אונמעגליך געווען צו אַקערען די ערד, און עס איז איהם איצט אויסגעקומען צו הונגערען. אָבער ווען ער איז געגאַנגען אויפהויבען דעם אָקס, האָט ער געזעהן אַז דער אָקס האָט זיך אָנגעשטויסען אָן אַ הארטע זאַך. דאָס איז געווען אַן אייזערנער קאַסטען מיט גאָלד וואָס אימיצער האָט אַמאָל, מיט פיעלע יאָהרען צוריק, באַגראָבען אין פעלד. אַבאָ יודן איז איצט געוואָרען זעהר רייך, נאָך רייכער ווי ער איז געווען פריהער. און ווען רבי עקיבא איז ווידער געקומען אין אַנטיאָכאַ האָט איהם אַבאָ יודן דערצעהלט די גאַנצע

געשיכטע און ער האט איהם געגעבען נאך א פיעל גרעסערע נדבה ווי ער פלעגט פריהער געבען.

---

## דער שלעכטער ברודער

משה'לע און שלמה'לע זיינען געווען צוויי ברידער. שלמה'לע איז געווען דער עלטערער און משה'לע איז געווען דער אינגערער. פלעגען זיך די צוויי ברידער שפּיעלען צוזאמען.

אמאל פלעגט אויך טרעפען אז זיי פלעגען זיך צוקריגען, אבער באלד פלעגען זיי גוט ווערען. שלמה'לע, דער עלטערער, פלעגט אפט ניט וועלען ליידען וואס זיינע עלטערען זיינען בעסער צו זיין קלענערען ברודערל, און וואס אפטמאל, אז דער פאטער קומט אהיים נעהמט ער דעם קלענערען ברודערל אויף די הענד און איהם ניט.

איינמאל אז זיי האבען זיך געשפּיעלט צוזאמען האט שלמה, דער עלטערער, געזאגט:

„ווייסט, משה'לע, אז איך וועל זיין א גרויסער וועל איך קויפען א פערד מיט א וואגען און מיר וועלען ארומפאהרען".

„אי גוט!" האט משה'לע אויסגערופען. אי א פערד, אי א וואגען! מיר וועלען פאהרען באי־באי! איך וועל זיצען אויף דער קעלניע און וועל צום פערד זאגען: „גיד־אפ!"

„ניין, אויף דער קעלניע וועל איך זיצען", האט געזאגט שלמה. „דו קענסט זיצען בלויז אין וואגען. איך וועל טרייבען דעם פערד און ניט דו".

„וועל איך זיצען מיט דיר צוזאמען אויף דער קעלניע", האט משה'לע געזאגט.

„ניין, אויף דער קעלניע וועל איך זיצען אליין!" האט שלמה זיך איינגעשפּארט.

„כאטש אויף א ווייל, שלמה, ווערסטו מיך לאזען זיצען אויף דער קעלניע?" האט משה'לע זיך געבעטען.

„ניין!" האט שלמה א געשריי געטאן.

„וועל איך דוקא זיצען אויף דער קעלניע", האט משה'לע געזאגט און זיך ארויפגעזעצט אויף א שטוהל און גענומען שרייען: „גיד־אפ!"

„גיד־אפּ!" הויך אויפ'ן קול, אַזוי ווי ער וואָלט אונטערטרייבען אַ פערד.

„אַראָפּ פון מיין וואָגען!" האָט שלמה אויסגעשריען און האָט איהם אַראָפּגעשלעפּט פון שטוהל.

אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען זיין פאָטער, און הערענדיג וואָס דאָ איז געשעהן האָט ער צו שלמה'ן געזאָגט:

„ביזט אַ שלעכטער ברודער! דו האָסט דען אַ פערד מיט אַ וואָגען? טאָ וואָרום ווילסטו ניט אַז דיין ברודער זאָל מיינען אַז ער פאָהרט אויף דער קעלניע? וואָס וואָלט דיך געאַרט אַז דו וואָלסט איהם געזאָגט אַז ער קאָן יאָ פאָהרען אויף דער קעלניע? אָה, דו שלעכטער!"

---

## אַלעקסאַנדער דער גרויסער

איינמאָל האָט דער גרויסער קעניג אַלעקסאַנדער געזאָגט צו זיך: „איך האָב שוין געטאָן אַ סך וואונדערליכע זאַכען, איך האָב איינגענומען גרויסע לענדער און באַזיגט גרויסע פעלקער, אָבער איך מוז נאָך צייגען פאַר דער וועלט אַזאַ זאַך וואָס קיין אַנדער לעבעדיגער מענש אויף דער וועלט האָט געקאָנט באַווייזען, אום מען זאָל וועגען מיין גרויסען נאָמען ריידען אין די שפּעטערע דורות, יאָהרען און יאָהרען נאָכדעם ווי איך וועל שוין אויף דער וועלט ניט זיין".

קעניג אַלעקסאַנדער האָט געגעבען אַ בעפעהל אַז מען זאָל פאַר איהם פאַנגען אַ זעהר גרויסען אָדלער. דער אָדלער איז געוועזען אַזוי גרויס אַז דער קעניג האָט זיך געקענט אויף איהם זעצען רייטען. ער האָט אָנגעשטאָכען אַ גרויס שטיק פלייש אויף אַ שפּיז און האָט דעם שפּיז געהאַלטען הויך איבער דעם אָדלערס קאָפּ. ווען דער אָדלער האָט דער־שמעקט די פלייש האָט ער זיך גענומען הויבען אין דער הויך, מיט־שלעפּענדיג דעם קעניג, וועלכער האָט אויף איהם געריטען.

אַזוי זיינען זיי געפלויגען הויך, איבער די וואָלקענס, דער קעניג זיצענדיג אויף דעם אָדלער, האַלטענדיג דעם שפּיז מיט דעם גרויסען שטיק פלייש איבער דעם אָדלער'ס קאָפּ.

וואָס העכער ער איז געפלויגען אַלץ קלענער האָבען אין דעם קע־ניג'ס אויגען אויסגעזעהן די מענשען און די הייזער אונטער איהם.

העכער און העכער איז ער געפלויגען. קלענער און קלענער זיינען די זאכען געוואָרען, ביז זיין גרויסע אַרמעע האָט אויסגעזעהן ווי די מילבען. „איך מוז זיין ווירקליך אַ גרויסער קעניג", האָט אַלעקסאַנדער זיך געטראַכט. "איצט זעה איך ווי אַלע מענשען און די גאַנצע וועלט זיינען קליין געגען מיר".

אָבער באַלד האָט ער זיך אַנדערש געטראַכט: „ווען די מענשען אונטער מיר זעהן איצט אויס אַזוי קליין אין מיינע אויגען, מוז איך דאָך איצט אויך אויסזעהן קליין אין זייערע אויגען. דיעזער געדאַנק האָט פאַרביטערט זיין הארץ און ער האָט געוואָלט זיך צוריק אַראָפּלאָזען אויף דער ערד.

ער האָט דעם שפּיז מיט דעם שטיק פלייש גענומען האַלטען אַ ביסעל ניעדעריגער פון דעם אָדלער, און דער אָדלער האָט זיך גענומען אַרונטער־לאָזען אום צו כאַפּען דעם שטיק פלייש, און אַזוי איז דער גרויסער קעניג צוריק געקומען אויף דער ערד, און זייט דאַן האָט ער זיך ניט מעהר געהאַלטען גרויס ביי זיך, און האָט געקוקט אויף אַלע מענשען מיט מעהר אַכטונג.

---

## רעספּעקטיר יעדען מענשען

דער גרויסער תנא רבי אליעזר האָט איינמאָל געמאַכט אַ רייזע אין אַ וואייטען וועג, רייטענדיג אויף אַן אייזעל. קומענדיג נאָהענט פון אַ שטאָדט, האָט ער ביי אַ ברעג טייך באַמערקט אַ מענשען וועלכער האָט געהאַט זעהר אַ מיאוס'ען פּנים. דער פרעמדער האָט באַמערקט אַז רבי אליעזר איז אַ געלעהרטער מאַן האָט ער איהם באַגריסט מיט די ווערטער: „פריעדען צו אייך, רבי!" אָבער רבי אליעזר האָט איהם ניט צוריק געגריסט, נור ער האָט צו איהם מיט אַ געלעכטער געזאָגט: „ווי שרעקליך מיאוס איהר זייט! איך האָב מורא אַז אַלע מענשען פון אייער שטאָדט זיינען אַזוי מיאוס ווי איהר".

„איך ווייס ניט", האָט דער מאַן געענטפערט. „אָבער וואָס האָט איהר צו מיר טענות? געהט צו דעם באַשעפער וואָס האָט מיך באַשאַ־פען און זאָגט איהם וואָס פאַר אַ מיאוס'ע כלי ער האָט געמאַכט!"

רבי אליעזר האָט געזעהן אַז ער האָט באַגאַנגען אַן אונרעכט געגען דעם אונגליקליכען מאַן, און עס האָט איהם שטאַרק פאַרדראָסען. וואָס ער האָט דעם מאַן פאַרשעהמט. רבי אליעזר איז גלייך ארונטער פון זיין אייזעל, האָט זיך געבוקט פאַר דעם מאַן און געזאָגט: "איך גיב צו אַז איך האָב באַגאַנגען אַן אונרעכט געגען אייך. זייט מיר מוחל!"

„איך וועל אייך נים מוחל זיין", האָט דער מאַן געזאָגט, „ביז איהר וועט ניט געהן צו דעם באַשאַפער און איהם זאָגען ווי מיאוס ער האָט מיך געמאַכט!"

רבי אליעזר האָט איהם ניט אָפּגעלאָזען און איז איהם נאָכגעגאַנגען דעם גאַנצען וועג ביז זיי זיינען אָנגעקומען נאָהענט פון דער שטאָדט. די שטאָדט לייט האָבען זיך דערוואוסט אַז דער גרויסער תנא רבי אליעזר קומט, זיינען זיי אַרוים אַנטקעגען איהם צו באַגריסען, און ווער עס האָט איהם געזעהן האָט געזאָגט: „פריעדען צו אייך, רבי!"

ווען דער מאַן מיט'ן מיאוס'ען פּנים האָט דערהערט אַז מען רופט זיין בעגלייטער „רבי", האָט ער געזאָגט צו די שטאָדט לייט:

„וועמען רופט איהר רבי? אָט דעם שלעכטען מענשען מיט דער בייזער צונג? זאָלען ביי אידען אַזעלכע מענשען גאָר ניט געבוירען ווערען!"

„פאַר וואָס?" האָבען די שטאָדט לייט געפרעגט.

„ער האָט מיך באַליידיגט", האָט דער מאַן געזאָגט און דערצעהלט זיין גאַנצע געשיכטע.

„זייט איהם דאָך מוחל", האָבען די שטאָדט לייט געבעטען. „ער איז אַ גרויסער מאַן".

„צוליעב אייך וועל איך איהם מוחל זיין", האָט דער מאַן מיט'ן מיאוס'ען פּנים געזאָגט. „אָבער מיט דעם תנאי אַז ער זאָל מעהר צו קיינעם אַזוי ניט ריידען".

און זייט דאַן האָט רבי אליעזר זיך געהיט צו צייגען רעספּעקט פאַר יעדען מענשען.



# דער שטאָלצער שוואַרצער קעניג

אין אַפריקאַ איז אַמאָל געווען אַ שוואַרצער קעניג איז ער געווען זעהר שטאָלץ און שטאַרק. זיינע אונטערטאַנען האָבען זעהר מורא געהאַט פאַר איהם, און האָבען געציטערט פאַר זיין וואָרט. וואָס ער האָט געזאָגט האָבען זיי גלייך געטאָן.

איינמאָל, אַז דער קעניג האָט זיך גענומען באַריהמען אַז אַלע מענשען זיינען זיינע דיענער, האָט אַן אַלטער קלוגער נעגער, וועמענס נאָמען איז געווען בוכאַבאַר, איהם פירגעהאַלטען און געזאָגט:

„אַלע מענשען זיינען דיענער איינער צו דעם אַנדערען. איינער אַרבייט פאַר אַלעמען און אַלע אַרבייטען פאַר איינעם".

„אויב אַזוי, מיינסטו דאָך צו זאָגען, בין איך דיין דיענער?" האָט דער קעניג בייז אויסגערופען, „דו מוזט עס מיר באַווייזען! דו מוזט מיך צווינגען צו טאָן דיינעם אַ באַפעהל בעפאָר די זון געהט אונטער, און איך וועל דיר געבען הונדערט קיה. אָבער אויב דאָס געלינגט דיר ניט, וועל איך דיך לאָזען טויטען, און דיר צייגען אַז איך בין דיין הערר".

„זעהר גוט", האָט בוכאַבאַר געזאָגט מיט אַ רוהיגער שטימע. ער האָט זיך גאָר ניט געשראָקען. בוכאַבאַר איז געווען זעהר אַן אַלטער מאַן, און ער פלעגט מוזען געהן אַנגעשפאַרט אויף אַ שטעקען, און גראַדע ווי ער האָט גענומען זיין שטעקען אין האַנט אום אַוועקצוגעהן, איז אַנגעקומען אַ בעטלער און האָט זיך אַוועקגישטעלט ביי דער טהיר פון בוכאַבאַר'ס הויז.

„ערלויבט מיר", האָט בוכאַבאַר געזאָגט צום קעניג. „איך מוז צוגעהן צו מיין הויז, צו געבען דעם אָרימאַן עפּעס עסען".

בוכאַבאַר, געהענדיג פאַרביי דעם קעניג, האָט זיך מיט זיין שטעקען פאַרטשעפּעט אָן דעם קעניג'ס קלייד און דער שטעקען איז איהם אַרויסגעפאַלען פון דער האַנד און איז געבליבען ליעגען ביים קעניג'ס פיס.

„זייט אַזוי גוט", האָט ער געזאָגט צום קעניג, הויבט אויף מיין שטעקען שנעל, אַז ניט פאַל איך!"

דער קעניג האָט דעם שטעקען אויפגעהויבען, ניט דענקענדיג פון קיין זאַך. אָבער בוכאַבאַר האָט זיך צולאַכט און געזאָגט:

„זעהסטו, קעניג, אַלע גוטע מענשען דיענען איינער דעם אַנדערען. דו בעדיענסט מיך און איך בעדיען דעם בעטלער. איך האָב געוואונען די הונדערט קיה, אָבער איך דאַרף ניט האָבען דיינע קיה. גיב זיי בעסער צו דעם אָרימען מאַן“.

דער קעניג האָט געהאַלטען וואָרט און האָט די הונדערט קיה אָבגעגעבען צו דעם אָרימאַן. און זייט דאַן איז דער קעניג געוואָרען אַ גאַנץ אַנדער מענש, און בוכאַבאַר איז געוואָרען זיין ראַטגעבער אין אַלעם.

---

## דער פאַרשטעלטער פרינץ

עס איז אַמאָל געווען אַ פרינץ און ער האָט זיך ניט געפיהלט גליקליך. דער שעהנער פּאַלאַסט אין וועלכען זיין פאָטער, דער קעניג, האָט געלעבט איז פאַר איהם געווען ווי אַ שטייג, און ער האָט זיך געפונען דאָרט איינזאַם. די גרויסע בעלער און פאַרוויילונגען מיט די גרויסאַרטיגע מאָהלצייטען וואָס פלעגען אָפט געגעבען ווערען אין פּאַלאַסט, האָבען איהם מיעד געמאַכט.

„פאַר וואָס קען איך ניט זיין גליקליך?“ האָט דער פרינץ געפרעגט ביי איינעם פון די אַלטע חכמים פון לאַנד.

„מיין פרינץ!“ האָט דער אַלטער געענטפערט. „אויב דו ווילסט זיין גליקליך מוזטו צוערשט פאַרשטעהן וואָס אונגליק איז, און אויב דו ווילסט געניסען פון דיין פאָטער׳ס קעניגליכען רייכטום, מוזטו צוערשט וויסען ווי עס לעבען די אָרימע מענשען וואָס האָבען ניט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען“.

דער פרינץ האָט זיך פאַרטראַכט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

איך וועל פאַרלאָזען מיין פאָטער׳ס פּאַלאַסט און וועל זיך אַוועקלאָזען אין לענדער און שטעדט, וואו מען קען מיך ניט, און וועל לעבען צווישען די אָרימע מענשען, וועל עסען וואָס זיי עסען און וועל שלאָפען אַזוי ווי זיי שלאָפען“.

דער פרינץ האָט פון זיך אראָבגענומען זיינע פרינצליכע קליידער און האָט זיך אָנגעטאָן די קליידער פון אַן אָרימען וואַנדערער. נאָכדעם איז ער אַוועק און זיך געלאָזט געהן איבער דער וועלט.

פון שטאָדט צו שטאָדט איז ער אַרומגעגאַנגען און וואו ער האָט געטאָגט האָט ער ניט גענעכטיגט. אין קיין אָרט האָט ער ניט געזאָגט ווער ער איז, און די מענשען האָבען איהם אָנגענומען פאַר אַן אָרימען וואַנדערער. אין יעדען אָרט וואו ער איז געקומען האָט ער געזוכט אַר־בייט און פאַר דעם געלד וואָס ער האָט פערדיענט האָט ער זיך געקויפט עסען און נאַכטלעגער.

ער האָט זיך צוגעקוקט ווי דאָס פאָלק לעבט און ער האָט געזעהן אַז זיי לעבען גראַדע אַזוי גליקליך ווי די וואָס וואוינען אין פאַלאַסטען.

שפּעטער האָט זיך דער פרינץ צוריק געקעהרט צו דער שטאָדט וואו דער קעניג האָט געוואוינט און איז אַוועק צו דעם אַלטען חכם.

„נו, מיין פרינץ", האָט דער אַלטער געפרעגט, „וואָס האָסטו גע־זעהן אין לאַנד?"

„איך האָב געזעהן", האָט דער פרינץ געענטפערט, „אַז די אָרימע מענשען לעבען גראַדע אַזוי גליקליך ווי די רייכע. די אַרבייט מאַכט זיי גליקליך. איך פאַרשטעה יעצט אַז איך בין געווען אונגליקליך נור דערפאַר ווייל איך פלעג גאָרנישט טהאָן, און דארום איז מיין לעבען געווען לאַנגווייליג. יעדער מענש מוז אַרבייטען, אפילו אַ פרינץ, אַז ניט קען ער ניט זיין גליקליך".

---

## דער פוקס אַלס אַדוואָקאַט

אַמאָל איז דער לייב אין כעס געוואָרען אויף אַלע חיות פון וואַלד און האָט געשוואָרען אַז ער וועט זיי אַלעמען פאַרניכטען. ווען די חיות האָבען פון דעם דערהערט, זיינען זיי אַלע פאַרציטערט גיוואָרען. דען ווער שרעקט זיך ניט פאַר דעם לייב וואָס איז דער קעניג פון אַלע חיות?

און בעת די חיות האָבען צווישען זיך גערעדט אַזוי פאַרצווייפעלט,

און געזוכט אַן עצה ווי זיך צו רעטען פון דעם לייב׳ס כעס, האָט דער פוקס אויפגעהויבען זיין שטימע און געזאָגט:

„דער בעסטער מיטעל איז אַז מיר זאָלען איבערצייגען דעם לייב אַז ער האָט ניט קיין געזעצליכען רעכט אונז צו פרעסען. איהר דאַרפט נאָר האָבען אַ פעהיגען אַדוואָקאַט וואָס זאָל איהם צייגען אַז ער האָט אונרעכט. איך האָב דריי הונדערט אַרגומענטען צו צייגען דעם לייב אַז ער האָט קיין רעכט ניט אונז צו פאַרניכטען. איך וועל זיין אייער אַדוואָקאַט!"

ווען די חיות האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך דערפרעהט, און באַשטימט אַז זיי זאָלען אַלע געהן מיט דעם פוקס און זיך אויס־טענה׳ן מיט דעם לייב. אַ קלייניגקייט דריי הונדערט אַרגומענטען! אַזאַ אַדוואָקאַט איז נאָך אויף דער וועלט ניט געוועזן!

און אַזוי איז דאָס געוועזן. אַלע חיות האָבען זיך געלאָזט געהן אין אַ גרויסער פראָצעסיאָן צום לייב און דער פוקס איז געגאַנגען פאָר־אויס. ער איז געגאַנגען אַזוי שטאָלץ דאָס מען האָט געקענט מיינען אַז ער איז דאָס דער קעניג פון אַלע חיות, און ניט דער לייב.

אין מיטען וועג האָט זיך דער פוקס פלוצלונג אָבגעשטעלט.

„וואָס שטעהסטו?" האָבען די חיות געפרעגט.

„איך האָב פאַרגעסען הונדערט פון מיינע אַרגומענטען", האָט דער פוקס געענטפערט.

„עס מאַכט ניט אויס", האָבען די חיות געזאָגט, „צוויי הונדערט וועלען אויך גענוג זיין".

זיי זיינען אָבגעגאַנגען נאָך אַ שטיק וועג, דער פוקס האָט זיך ווי־דער אָבגעשטעלט.

„וואָס האָסטו זיך ווידער אָבגעשטעלט?" האָבען די חיות געפרעגט.

„איך האָב פאַרגעסען נאָך הונדערט פון מיינע אַרגומענטען", האָט דער פוקס געענטפערט מיט אַ טרויעריגען ניגון.

„נו", האָבען די חיות בעשלאָסען. „הונדערט זיינען דאָך ביי דיר געבליבען, וועט עס זיין גענוג."

ווייטער און ווייטער זיינען זיי געגאַנגען, און דער פוקס פאָראויס,

אזוי ווי א שטאלצער גענעראל. פלוצלונג האט ער זיך ווידער אבגע־שטעלט.

„וואס איז ווידער געשעהן?" האבען די חיות געפרעגט.

„איך האב פארגעסען די לעצטע הונדערט ארגומענטען", האט דער פוקס א זאג געטהאן און דערביי שווער געזיפצט. „זאל יעדערער פון אייך ריידען וואס ער וויל".

---

## דעם טאטען'ס געבורטסטאג

דער טאטע איז אלט געווארען פינף און דרייסיג יאהר. די גרע־סערע קינדער האבען דאס געוואוסט פריהער ווען דער טאטע וועט האבען זיין געבורטסטאג, און זיי האבען צוליעב דעם אנגעגרייט פאר איהם פרעזענטען. אבער זיי האבען דעם פאטער גארנישט געזאגט, זיי האבען איהם געוואלט מאכען אן איבערראשונג.

יעדען טאג האבען די קינדער גערעדט פון זייערע פרעזענטען, ווען דער פאטער איז ניט געווען צו הויז. זיי פלעגען די גוטע זאכען ארויסנעהמען פון זייערע באהעלטעניסען, און צייגען איינע די אנדערע, און ריידען פון דעם ווי דער טאטע וועט זיך פרעהען.

בלויז די אינגסטע קינד האט ניט געהאט א פרעזענט צו געבען פאר'ן פאטער. דאס איז געווען א מיידעלע דריי יאהר אלט און קיי־נער האט גערעכענט אז זי איז אלט גענוג און פארשטעהט עפעס וועגען א געבורטסטאג. אבער די מיידעלע האט פארשטאנען און האט זיך זעהר גענומען צום הארצען וואס מען האט איהר ניט געגעבען א גע־לעגענהייט צו צייגען איהר ליעבע צום פאפא.

דאס קינד האט געטראכט און געטראכט מיט איהר קינדערשען שכל, און נאכדעם האט זי גענומען עטליכע שטיקער פאפיער, און מיט א בלייפעדער האט זי גענומען שרייבען א בריעף צום פאפא. זי האט פארשריבען אכט אדער צעהן זייטלעך פאפיער. און וואס האט אזא מיי־דעלע געקענט אנשרייבען? פאסקעלעך, רעדעלעך, פינטעלעך פון איין זייט, און פאסקעלעך, רעדעלעך און פינטעלעך פון דעם אנדער זייט. גאנצע טעג פלעגט די מיידעלע שרייבען, און אז די עלטערע שוועסטער

און ברידער פלעגען לאכענדיג פרעגען: וואס שרייבסטו, לינא?״ פלעגט די מיידעלע ענטפערען: „איך שרייב זיך אזוי, איהר וועט שוין זעהן צו וועמען איך שרייב״.

ענדליך איז געקומען דער געבורטסטאג. די קינדער זיינען אויפ־געשטאנען זעהר פריה, זיך אנגעטהאן, און מיטנעהמענדיג זייערע פרע־זענטען זיינען זיי אריינגעקומען אין דעם צימער וואו דער פאטער איז געשלאפען. ביי זייער אריינקומען האט ער זיך אויפגעכאפט, און דאן זיינען די קינדער צוגעקומען צו איהם איינציגווייז און האבען איהם דערלאנגט זייערע פרעזענטען. דער פאטער איז געווען איבערראשט און ער האט זיך זעהר שטארק געפרעהט און געקוסט יעדעס קינד באַ־זונדער.

דאן איז דאס קלענסטע קינד, די מיידעלע, צוגעגאנגען און דער־לאנגט דעם פאטער א פעקעל צוקנייטשטע פאפירען וואס זיינען געווען פארשריבען פון אלע זייטען. „דאס איז א בריעף צו דיין געבורטסטאג״, האט די מיידעלע געזאגט. דער פאטער האט איהר גענומען אויף די הענט און באטראכט די פאסקעלעך מיט די רעדעלעך וואס זיינען געווען אויף די פאפיערען.

„און וואס שטעהט דא געשריבען, מיין טהייער קינד?״ האט דער פאטער געפרעגט מיט אן ערנסטער מינע.

„דא שטעהט״, האט די מיידעלע געענטפערט און איהרע אויגעלעך האבען א לייכט געטהאן: „איך ליעב מיין גוטען פאפא״.

אלע קינדער האבען באלד געזעהן אז לינא׳ס פרעזענט איז דער שעהנסטער.

---

## דער קלוגער טערק

אין סטאמבול האט אמאל געלעבט א קלוגער טערק און זיין נאמען איז געווען מוסטאפא. ער איז געווען זעהר רייך און האט געהאט אן איינציגען זוהן אבדאלא פאר וועמען ער האט געהאלטען א לעהרער, אן ארמעניער.

דער ארמעניער איז געווען א שלויער פוקס. ער האט גע׳גנב׳עט

פיעלע זאכען פון הויז, אָבער ער האָט זיך געהיט אַז קיינער זאָל אויף איהם האָבען דעם מינדעסטען פאַרדאַכט.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַז דער אַלטער מוסטאַפאַ און זיין זוהן אַבדאַלאַ האָבען באַדאַרפט אַוועקפאָהרען אין אַ ווייטער שטאָדט וועגען געשעפט.

„וואָס זאָל איך טאָן מיט אונזער גאָלד און זילבער?" האָט מוס־טאַפאַ געפרעגט ביי זיין זוהן. מיטנעהמען אויף אַזאַ ווייטע רייזע קענען מיר ניט, ווייל דאָס גאָלד איז צו שווער. טאָ, אויף וועמען קענען מיר דאָס איבערלאָזען?"

„פאָלג מיך, פאָטער", האָט דער יונגער אַבדאַלאַ געזאָגט, „לאָז אַלעס איבער אויף מיין לעהרער. ער איז אַ העכסט אָרענטליכער מאַן".

„זעהר גוט", האָט דער פאָטער געזאָגט, „איך וועל דיך פאָלגען, מיין זוהן".

מוסטאַפאַ האָט איבערגעגעבען דעם אַרמענישען לעהרער דריי גרוי־סע שליסלען און האָט צו איהם געזאָגט:

„דיזע דריי שליסלען געהערען צו יענעם גרויסען קאַסטען אין וועל־כען עס ליעגט באַהאַלטען מיין גאַנצער פאַרמעגען".

אין צוויי חדשים אַרום איז דער פאָטער צוריקגעקומען מיט זיין זוהן פון זייער לאַנגע רייזע.

ביידע זיינען געווען זעהר גוט אויפגעלייגט, ווייל זיי האָבען אויף זייער רייזע געמאַכט גוטע געשעפטען און האָבען מיטגעבראַכט אַ גרויסען פאַרדיענסט.

„יעצט, מיין זוהן", האָט מוסטאַפאַ געזאָגט, נאָכדעם אַז זיי האָבען זיך אַביסעל אָבגערוהט, „נעהם די שליסלען ביי דעם לעהרער און מיר וועלען עפענען דעם קאַסטען".

דער זוהן איז אַוועק און איז גלייך צוריקגעקומען און געזאָגט:

„פאָטער! דער לעהרער געפינט זיך זעהר שטאַרק באַליידיגט. ער זאָגט אַז דער קאַסטען וואָס דו האָסט איבערגעלאָזען איז אַ פוסטער און אַז דיין פאַרמעגען האָסטו ערגעץ אַנדערש באַהאַלטען".

„פון וואַנען וויים ער דאָס?" האָט מוסטאַפאַ געפרעגט.

„דער לעהרער זאָגט, אַז באַלד ווי מיר זיינען אַוועקגעפאָהרען האָט

ער דעם קאסטען געעפענט און האט איהם געפונען א ליידיגען", האט דער זוהן געענטפערט.

„מיט וואס פאר א רעכט האט ער דעם קאסטען געעפענט?" האט מוסטאפא געפרעגט. „איך האב שוין לאנג געהאט א פארדאכט אז דיין לעהרער איז דער גנב וואס האט פיעלע זאכען גע'גנב'עט ביי אונז אין הויז, און יעצט פרעהט מיך וואס איך האב מיין פארמעגען ניט איבערגעלאזט אויף איהם און האב עס באהאלטען אין קעלער".

---

# אין דעם לאנד פון די אבדמים

איינמאל איז דער גרויסער קעניג אלעקסאנדער געגאנגען מיט זיין חיל צו דער לאנד פון די אבדמים. ער האט פיעל געהערט פון זיי אז זיי זיינען א קלוגעס פאלק. ווען די אבדמים האבען געהערט אז אלעק־סאנדער געהט צו זיי, האבען זיי צו איהם ארויסגעשיקט זייערע פאר־שטעהער איהם פרעגען: „וואס נוצט עס דיר צו פיהרען קריעג מיט אונז? מיר זיינען ארימע מענשען און מיר האבען קיין גאלד, קיין זילבער, און קיין אנדער זאך וואס דו קענסט פון אונז אוועקנעהמען. מיר געהען ארום האלב נאקעט און לעבען אין ביידלעך און אין הייהלען. עס איז פיעל בעסער אז דו זאלסט געהן נאך אן אנדער לאנד, א רייכערע ווי אונזערע".

„איך בין אהער ניט געקומען נעהמען רויב", האט דער קעניג גע־ענטפערט. „איך בין געקומען אהער צו הערען אייער חכמה. און חכמה איז ביי מיר טייערער פון גאלד און זילבער".

די פארשטעהער פון די אבדמים האבען געצווייפעלט אין אלעק־סאנדער'ס רייד, און זיי האבען איהם געפרעגט:

„אויב דו ביזט געקומען בלויז צו הערען קלוגע רייד פון אונז, טא צו וואס פיהרסטו מיט זיך אזא גרויסע ארמעע? היים דיינע סאלדאטען פארבלייבען וואו זיי זיינען, און דו קום מיט אונז".

אלעקסאנדער האט מיטגענומען דריי שטארקע לייט פון זיין ארמעע און איז מיט זיי געגאנגען.

קומענדיג אהין האט אלעקסאנדער פאר זיך געזעהן א גרויסע צאהל

מענער, פרויען און קינדער, אלע זעהר אָרים און אין שמאטעס, און געלעבט האָבען זיי אויפ׳ן פרייעם פעלד אזוי ווי די שאָף.

אלעקסאנדער איז צוגעגאנגען צו איינעם פון זיי און געפרעגט:

„וואָס האָט איהר מעהר אין אייער לאנד, טויטע מענשען, אָדער לעבעדיגע?“

„לעבעדיגע,“ האָט דער מאן געענטפערט, „ווייל אין אייער לאנד ווערען די אָרימע אויך פאררעכענט פאר טויטע. אָבער ביי אונז איז ניטאָ קיין אָרים און קיין רייך, און אלע מענשען זיינען גלייך. דערפאר זיינען מיר אלע לעבעדיגע“.

נאָכדעם אז ער האָט זיי געפרעגט פיעלע אנדערע פראגען און זיי האָבען איהם אויף אלעם קלוג געענטפערט, האָט ער צו זיי געזאָגט:

„איהר זייט ווירקליך קלוגע מענשען און איהר געפעלט מיר זעהר. יעצט זאָגט מיר וואָס איהר פארלאנגט און איך וועל עס אייך געבען“.

„גיב אונז אייביגעס לעבען“, האָבען די אבדמים געענטפערט.

„דאָס קען איך אפילו זיך אליין אויך ניט געבען“, האָט דער קעניג געזאָגט.

האָבען די אבדמים איהם געפרעגט:

„אויב דו ווייסט אז דו דארפסט שטארבען אזוי ווי אלע מענשען, טאָ צו וואָס געהסטו ארום איינצונעהמען לענדער און פיהרען מיט זיי קריעג און צונעהמען זייער האָב און גוטס?“

און דער קעניג האָט דערויף געענטפערט:

„די בוימער פון וואלד און די וועלען פון ים קענען אויך ניט רוהען א מינוט. און ווי קען רוהען דער מענש וואָס האָט פארשטאנד און א ווילען צו ווערען גרעסער און מעהר באריהמט אין דער וועלט?“

דער קעניג האָט זיך פריינדליך געזעגענט מיט די מענשען און איז אוועק.



# אַ מענשען דאַרף מען אורטיילען צו גוטעם

„יעדען מענשען מוז מען אורטיילען פון דער גוטער זייט", אַזוי האָבען געזאָגט די גרויסע אידישע חכמים. דער תלמוד דערצעהלט וועגען דעם זעהר אַ שעהנע געשיכטע.

אַ אידישער ערד־אַרבייטער פון גליל האָט זיך פאַרדונגען צו אַ רייכען פאַרמער אין ארץ ישראל אויף דריי יאָהר צו אַרבייטען. ווען די דריי יאָהר אַרבייט האָבען זיך געענדיגט, האָט דער אַרבייטער געזאָגט צום בעל הבית: „בעצאָהל מיר יעצט מיין געלד און לאָמיך געהן צוריק אהיים, צו מיין פרוי און קינדער".

„איך האָב קיין געלד ניט", האָט דער פאַרמער געענטפערט.

„טאָ גיב מיר תבואה פאַר דעם געלד", האָט דער אַרבייטער געבעטען.

„קיין תבואה האָב איך אויך ניט", האָט דער פאַרמער געזאָגט.

„ווען דו האָסט ניט קיין תבואה טאָ גיב מיר אַ שטיקעל פעלד".

„קיין פעלדער האָב איך אויך ניט".

„גיב מיר בהמות".

„בהמות האָב איך אויך ניט".

„גיב מיר קליידער, קישענס, הויז זאַכען".

„איך האָב קיין זאַך דיר צו געבען".

ווען דער אַרבייטער האָט דאָס געהערט האָט ער קיין וואָרט געזאָגט. ער האָט זיין בעל הבית ניט געזידעלט, ניט געמאַכט קיין פאָרוואורף, נור ער האָט גענומען זיין שטעקען, האָט זיך מיט זיין בעל הבית פיין אָבגעזעגענט און האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים אָהן אַ גראָשען געלד.

אָרעם איז ער פון דער היים אַוועק מיט דריי יאָהר צוריק און אָרעם איז ער יעצט געקומען צוריק. ער איז אָנגעקומען גראַדע אויף פסח. דאָך האָט ער קיינעם דערצעהלט פון זיין פאַרלוסט און האָט ניט אַרויסגעצייגט קיין צער אָדער פאַרדרוס.

נאָך דעם ווי דער יום טוב איז אַוועק, איז געקומען זיין בעל הבית מיט דריי עזלען אויף וועלכע עס זיינען געווען אָנגעלאָדען די בעסטע

זאכען, און מיט דעם גאנצען לוין וואס האט ארויסגעקומט דעם ארימען פעלד ארבייטער פאר די לעצטע דריי יאהר.

דער ארבייטער האט פאר שמחה געמאכט א גרויסען מאלצייט פאר זיין בעל הבית. ער האט פאררופען א סך פריינד און מען האט זיך משמח געווען.

„זאג מיר", האט דער בעל הבית געפרעגט, „ווען איך האב דיר געזאגט אז איך האב קיין געלד דיר צו באצאהלען, האסטו געדענקט פון מיר עפעס שלעכטעס ?"

„ניין", האט דער ארבייטער געענטפערט, „איך האב געדענקט אז איך האט זיך געמאכט צו קויפען א סך סחורה פאר זעהר ביליגע פרייזען און איהר האט אין דעם אייער גאנצע געלד אריינגעלייגט. איך האב געגלויבט אלעס וואס איהר האט געזאגט, דען א מאל טרעפט אז א מענש האט זאכען און עס זיינען דאך ניט זיינע".

„אזוי איז דאס טאקע געווען", האט דער רייכער פארמער געזאגט. „איך האב מיין גאנצען פארמעגען אריינגעלייגט אין א געשעפט, און יעצט אז איך האב פארדיענט פיעל געלד, קעהר איך אום צוריק וואס דיר קומט צוזאמען מיט די פארדינסטען וואס דיין געלד האט אריינגע-בראכט".

דער פארמער האט איהם איבערגעלאזט אזוי פיעל געלד און פרע-זענטען, דאס דער ארבייטער האט מעהר קיינמאל געדארפט ארבייטען פאר אנדערע.

---

## ווער איז שולדיג ?

אויף דעם וועג צו דער גרויסער שטאדט איז געשטאנען א קליינע הייזעל, און אין דער הייזעל האט געלעבט א הייליגער מאן. אליין האט געוואוינט דער הייליגער מאן אין דער קליינער הייזעל. אין שטאדט פלעגט ער קיינמאל ניט קומען, אבער יעדען מענשען וואס פלעגט דארט דורכפאהרען, פלעגט ער באגריסען. און ווען איינער איז געווען הונ-געריג, אדער ער האט ניט געהאט וואו צו נעכטיגען, פלעגט דער היי-ליגער מאן איהם געבען עסען און נאכטלעגער.

איינמאָל, ווען דער הייליגער מאַן איז געזעסען ביי דער טיהר פון זיין הויז, האָט ער געזעהן ווי צו דער שטאָדט געהט אַ מלאך מיט שוואַרצע פליגלען. דער הייליגער מאַן האָט געוואוסט אַז דאָס איז ניט אַ גוטער מלאך, האָט ער איהם אָבגעשטעלט און צו איהם געזאָגט:

„איך וועל דיך ניט לאָזען אַריינגעהן אין דיעזער שטאָדט און טאָן שלעכטס צו די מענשען".

„איך מוז", האָט דער מלאך געענטפערט. „איך האָב אַ באַפעהל צו געהן אין דיזער שטאָדט, און איך מוז דעם באַפעהל אויספאָלגען".

„וואָס איז דער באַפעהל וואָס דו דאַרפסט טאָן?" האָט דער הייליגער מאַן געפרעגט.

„דער באַפעהל איז, אַז איך זאָל אומברייינגען דריי הונדערט מענשען", האָט דער מלאך מיט די שוואַרצע פליגלען געענטפערט.

„פאַר וועלכע זינד?" האָט דער הייליגער מאַן געפרעגט. „געגען וועמען האָבען זיי געזינדיגט?"

„זיי האָבען געזינדיגט געגען זיך אַליין", האָט דער מלאך געענטפערט. „זיי האָבען געלעבט אין שמוץ, געגעסען און געטרונקען איבער דער מאָס, זיי האָבען ניט געפאָלגט די געזעצען פון דער נאַטור און האָבען אומגעבראַכט דאָס טייערסטע אין לעבען, און דאָס איז זייער געזונדהייט. דיזע מענשען מוזען געהן פון דער וועלט".

„אויב דאָס מוז זיין אַזוי", האָט דער הייליגער מאַן געזאָגט, „גיב איך זיך אונטער צו דעם הויכען ווילען. אָבער דו מוזט מיר צוזאָגען אַז מעהר ווי דריי הונדערט וועסטו ניט אומברייינגען".

„איך זאָג צו", האָט דער מלאך פאַרשפּראָכען און נאָכדעם איז ער אַוועק זיין וועג אין שטאָדט אַריין.

דער הייליגער מאַן איז געבליבען זיצען ביי דער טיהר פון זיין הויז און געוואַרט אויף נייעס פון דער שטאָדט. אַ פּאָאַר טעג שפּעטער האָט ער געהערט אַז אין שטאָדט זיינען אויסגעשטאָרבען ניט דריי הונדערט מענשען ווי דער מלאך מיט די שוואַרצע פליגלען האָט געזאָגט, נאָר גאַנצע דריי טויזענד.

ער האָט מיט אונגעדולד געוואַרט ביז דער מלאך מיט די שוואַרצע פליגלען וועט זיך צוריקקעהרען.

ענדליך איז דער מלאך געקומען. דער הייליגער מאַן האָט זיך גע־שטעלט אין מיטען וועג און האָט איהם ניט געלאָזט דורכגעהן.

„זאָג מיר“, האָט דער הייליגער מאַן איהם פירגעהאַלטען, „דו האָסט מיר פאַרשפּראָכען אַז מעהר ווי דריי הונדערט וועסטו ניט טויטען, און דו האָסט געטויטעט דריי טויזענד“.

„איך“, האָט דער מלאך געזאָגט, „איך האָב געטויטעט בלויז דריי הונדערט, די איבעריגע צווייטע טויזענד מיט זיעבען הונדערט זיינען געשטאָרבען פון פאַלשען שרעק“.

---

## דער אמת׳ער פריינד

אַמאָל איז געווען זעהר אַ רייכער מאַן, האָט ער געהאַט דריי גוטע פריינד, אָבער ניט אַלע פון די דריי פריינד האָט ער געליעבט מיט אַ גלייכער מאָס. איינעם האָט ער געליעבט אַזוי שטאַרק דאָס ער האָט זיך מיט איהם קיינמאָל געוואָלט שיידען אויף אַ מינוט. דעם צווייטען, אָבוואָהל ער האָט שוין ניט אַזוי געליעבט ווי דעם ערשטען, איז ער אויך געווען גרייט פאַר איהם צו געהן אין פייער און אין וואַסער. אָבער מיט דעם דריטען איז שוין געווען גאַנץ אַנדערש. איהם האָט דער רייכער מאַן קיין ליעבע אַרויסגעוויזען, און אָפטמאָל פלעגט ער איהם דער־צאָרנען און איהם איינ׳רוגזן.

איינמאָל האָט אימעצער, אַ שונא פון דעם רייכען מאַן, אַריינגע־בראַכט געגען איהם אַ קלאָגע ביים קעניג, און דער קעניג וועלכער האָט געוואָהנט ווייט פון דעם אָרט וואו דער רייכער מאַן האָט זיך געפונען, האָט געשיקט אַ רייטער צום רייכען מאַן אַז ער זאָל קומען און זיך שטעלען פאַרן קעניגליכען משפּט.

דער רייכער מאַן האָט זיך זעהר דערשראָקען. ער האָט געבעטען זיין בעסטען פריינד אַז ער זאָל מיט איהם מיטפאָהרען, אָבער דער פריינד האָט געזאָגט אַז ער האָט מורא, ווייל טאָמער האָט דער קעניג עפּעס געפונען אויף איהם אַ גרויסע שולד, וויל ער ניט אַז דער קעניג זאָל איהם אויך פאַרמישען אין דער שולד. דער רייכער מאַן האָט זיך

נאָך דעם געװוּנדערט צוּ דעם צװײטען פרײנד, אָבער אױך דער צװײטער פרײנד האָט ניט געװאָלט פאָהרען. ער האָט געזאָגט:

„אױב דײן בעסטער פון אַלע פרײנד, דעם װאָס דו האָסט ליעבער פון מיר, װיל ניט פאָהרען, װיל איך אױך ניט פאָהרען. איך װיל אױך ניט זײן פאַרמישט מיט אַ מאַן װאָס דער קעניג האָט אױף איהם אַ פאַרדאַכט".

אָבער אַז דער דריטער פרײנד האָט פון דעם דערהערט, איז ער אַלײן געקומען צום רײכען מאַן און האָט זיך אָנגעבאָטען צו פאָהרען מיט איהם צום קעניג, און איהם צו העלפען אין זײן נויט.

דער פרײנד איז געפאָהרען, און עס איז איהם געלונגען צו באַװײזען דעם קעניג אַז דער רײכער מאַן איז גאָר ניט שולדיג, און אַז דער שונא האָט אױף איהם אַ בלבול אױסגעטראַכט. און ניט נאָר האָט דער קעניג דעם רײכען מאַן פרײגעשפּראָכען, נאָר ער האָט איהם אױך געשענקט שעהנע מתנות און האָט איהם אַװעקגעשיקט אַהײם מיט אַן עהרען־באַגלײטונג פון סאָלדאַטען.

און אַז דער רײכער מאַן איז געקומען צוריק אַהײם, זײנען די אַנדערע צװײ פרײנד געקומען איהם צו באַגריסען.

„נײן", האָט דער רײכער מאַן געזאָגט, „איך װיל אײך מעהר ניט קענען, יעצט װײס איך װער עס איז מײן אמתער פרײנד", און מיט די רײד האָט ער די צװײ פאַלשע פרײנד פון זיך אַװעקגעשיקט אױף אימער.

װי געפעלט אײך די מעשה, קינדער?

איך װעל אײך יעצט דערצעהלען פון נאָך דרײ גוטע פרײנד, װאָס יעדער מענש האָט און נאָר אײנער פון זײ איז דער בעסטער און געטרײעסטער. די דרײ פרײנד װאָס אַ מענש האָט זײנען: זײן געלד, זײן משפחה און זײן גוטער נאָמען. נו, אַז דער מענש שטאַרבט, לאָזט ער איבער זײן געלד אין דער הײם, זײן משפּחה באַגלײט איהם בלויז ביז צום קבר, אָבער זײן גוטער נאָמען בלײבט מיט איהם אױף אײביג.



# די נאַרישע טאָכטער

אַ מאַן האָט אַמאָל געהאַט אַ טאָכטער, וועלכע איז געווען זעהר ווילד און שלעכט, און האָט ניט געוואָלט געהאָרכען איהרע עלטערען. זי האָט געטאָן אַ סך שלעכטע זאַכען, און אָבוואָהל איהר פאָטער האָט איהר ליעב געהאַט, דאָך פלעגט ער זי שטאַרק באַשטראָפען. אָבער אַז אַ צייט איז אַריבער און די שטראָפען האָבען ניט געהאָלפען, האָט דער פאָטער איהר פון הויז אַרויסגעטריבען.

די מיידעל איז אַוועק און האָט געפונען אַרבייט אין דער הויז פון אַ גוטען מענשען, וועלכער איז געווען זעהר פריינדליך צו איהר, און האָט איהר געגעבען אַ גוטע היים, און עסען, און קליידער. די ערשטע צייט איז זי געווען גוט און שטיל, אָבער באַלד איז זי ווידער געוואָרען ווילד, אַזוי ווי זי איז געווען אין דער הויז פון איהרע עלטערען.

האָט איהר דער גוטער מאַן באַצאָהלט פאַר איהר אַרבייט און האָט איהר געהייסען פאַרלאָזען זיין הויז.

איז די מיידעל אַוועק און האָט באַקומען אַרבייט אין דער הויז פון אַן אָרימען מענשען וועלכער האָט געלעבט אין נויט. דאָ האָט זי געמוזט אַרבייטען זעהר שווער און האָט באַקומען זעהר ווייניג צו עסען, און איהר געלעגער איז געווען אַ האַרטער, אויף אַ צובראָכען בעטעל. די ערשטע צייט איז זי געווען שטיל. די אַרבייט האָט איהר געמאַכט מיעד און זי האָט פאַרגעסען איהר ווילדקייט. אָבער אַ צייט שפּעטער, נאָכ־דעם ווי זי האָט זיך צוגעוואוינט צו איהר שווערען לעבען, האָט זי ווידער גענומען אַרויסצייגען איהר ווילדקייט. זי האָט ניט געפאָלגט דאָס וואָס מען האָט איהר געהייסען טאָן און האָט געמאַכט חוזק פון איהר בעל הבית. האָט זי דער בעל הבית אין אַ קאַלטען ווינטער־טאָג אַרויסגע־טריבען פון הויז, און האָט אפילו איהר ניט באַצאָהלט פאַר איהר אַרבייט.

די מיידעל איז דאַן אַוועק און האָט געפונען אַ פלאַטץ ביי אַ דריטען מאַן. און דיזער איז געווען זעהר אַ שלעכטער און אַ קאַרגער. ער פלעגט די מיידעל שלאָגען פאַר יעדער קליינינקייט, און עסען פלעגט ער איהר געבען זעהר ווייניג. און דאָך האָט זי ניט אויפגעהערט צו זיין ווילד, און פלעגט זיך קריגען און שלאָגען מיט די קינדער פון הויז. ביז עס

איז געקומען אַזוי ווייט, דאָס איהר בעל הבית האָט איהר גוט אָנגעשלאָ־גען, נאָכדעם האָט ער איהר גענומען פאר די האָאר און זי אַרויסגעוואָר־פען אין גאַס.

די מיידעל איז געגאַנגען און געגאַנגען אין די גאַסען פון שטאָדט, ביז זי איז מיעד געוואָרען און האָט זיך אַוועקגעזעצט אין מיטען מארק און גענומען וויינען מיט ביטערע טרערען. מענשען האָבען זיך אָבגע־שטעלט און באַטראַכט די וויינענדע מיידעל, און זיי האָבען זיך צוגע־הערט ווי זי האָט געקלאָגט:

„איך האָב געהאַט אַזאַ גוטע היים און אַזעלכע גוטע עלטערן, און האָב ניט געוואוסט ווי זיי טייער צו האַלטען, און יעצט בין איך אַן עלענדע און קיינער האָט אויף מיר קיין מיטלייד. דאָס איז אַלץ דערפאַר וואָס איך האָב געזינדיגט געגען מיינע עלטערען".

פון צווישען די מענשען וואָס זיינען געשטאַנען אַרום איהר, איז אַרויס אַן אַלטער מאַן. דאָס איז געווען איהר פאָטער.

„קום אַהיים, מיין קינד, יעצט זעה איך אַז דו האָסט שוין חרטה אויף דיינע זינד און דו וועסט שוין זיין גוט. קום אַהיים!"

און די מיידעל איז אַוועק אַהיים, צו איהר פאָטער, און איז מעהר קיינמאָל געוועזן ווילד.

---

## ווי אַזוי אַ קעלבעל האָט געגרינדעט אַ שטאָדט

אַמאָל, אַמאָל, מיט טויזענדער יאָהרען צוריק איז אין אַ וויסטען פאַרוואָרפענעם געגענד פאַרגעקומען אַזאַ געשיכטע. אַ קעלבעל וועלכע האָט זיך געפּאַשעט אין פעלד, ניט ווייט פון איהר מאַמען, איז פאַרקראַ־כען אין אַ וועלדעל. קיין וועג איז אין דעם וועלדעל ניט געווען, איז זיך די קעלבעל געגאַנגען און געבלאָנדזשעט, דאָס האָט זי זיך פאַרקערט אַהער,—דאָס אַהין, דאָס רעכטס און דאָס לינקס. און אַזוי האָט די אָרימע קעלבעל געבראָדזשעט צווישען בוימער, גראָז און ווילדע פלאַנצונגען, ביז זי איז אַרויס אויף דער אַנדער זייט וואַלד.

ווען איהר בעל הבית, דער פאַרמער, האָט זיך אַרומגעזעהן אַז עס פעהלט איהם אַ קעלבעל, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט איהר זוכען. און

גליקליכערווייזע האָט ער געטראָפען אין וואַלד דעם שפור וואָס די קעל־בעל האָט איבערגעלאָזט.

איז ער נאָכגעגאַנגען די טריט פון די קעלבערנע פיס, אויף דעם זעלבען קרומען וועג ווי די קעלבעל האָט געבלאָנקעט. דאָס האָט ער זיך פאַרקעהרט רעכטס, דאָס לינקס. ער האָט ניט געוואָלט פאַרלירען דעם שפור, און אַזוי איז ער געגאַנגען ביז ער איז אַרויסגעקומען אויף דעם אַנדער זייט וואַלד. דאָרט האָט ער די קעלבעל געפונען.

צוריק אַהיים איז ער שוין געגאַנגען אויף דעם זעלבען וועג וועלכען צוערשט די קעלבעל און נאָכדעם ער האָבען אויסגעטראָטען.

אַ פּאָאַר טעג שפּעטער זיינען אַ גרופּע מיידלאַך אַרוים אין וואַלד קלייבען שוועמלעך, און דערזעהענדיג אַן אויסגעטראָטענעם וועג, האָבען זיי זיך געהאַלטען אַן איהם אום ניט צו פאַרבלאָנדזשען און ניט צו פאַר־קריכען צו ווייט.

אויף מאָרגען איז געקומען אַ יעגער, און זעהענדיג אַ וועג אויף וועל־כען עס זיינען געוועזען שפורען פון מענשליכע פיס, האָט ער זיך געטראַכט: דאָס מוז זיין אַ גוטער פּלאַץ פאַר אַ יאַגד. איך וועל געהן אויף דעם זעלבען וועג.

און פון דאַן אָן איז דער וועג, וואָס די קעלבעל האָט אויסגעטראָטען, געוואָרען אַ וועג פאַר פוס־געהער און פאַר רייזענדע וואָס זיינען געפאָה־רען מיט אָקסען און מיט פערד.

די וועלט איז געוואַקסען, די מענשען האָבען זיך פאַרמעהרט, דער האַנדעלס פאַרקעהר איז געשטיגען, און אויף דעם וועג וואָס האָט זיך געצויגען דורכן וועלדעל האָט איינער אויפגעשטעלט אַן איינפאָהר הויז, וואו רייזענדע פלעגען זיך אָבשטעלען אָברוהען, זיך און זייערע פערד, און זייערע אָקסען, אַליין עסען און געבען זייערע פיה צו עסען.

אַ קורצע צייט איז אַריבער, און אויף דעם אַנדער זייט וואַלד האָט זיך אויסגעבויט נאָך אַזאַ איינפאָהר־הויז, און געסט זיינען שוין דאַן געוועזען גענוג פאַר ביידע הייזער.

יאָהרען זיינען אַוועק און צווישען די צוויי איינפאָהר־הייזער האָבען זיך אויסגעבויט נאָך עטליכע הייזער, נאָכדעם נאָך און נאָך, ביז עס איז געוואָרען אַ גאַנצע רייהע הייזער — אַ גאַס. און נאָכדעם איז געוואָרען

נאָך אַ גאַס, און נאָך אַ גאַס. מענשען האָבען ביסלעכווייז אויסגעהאַקט דעם וואַלד, און פון זיינע בוימער האָבען זיי אויסגעבויט וואוינונגען פאַר זיך און פאַר זייערע פאַמיליען.

אָט אַזוי איז עס געוואָרען אַ דערפעל אין מיטען וואַלד.

פון דעם דערפעל איז מיט דער צייט געוואָרען אַ שטעדטעל, און פון דעם שטעדטעל — אַ גרויסע שטאָדט.

אָט אַזוי האָט אַ קעלבעל געמאַכט אַ שטאָדט.

## די פראָבע

אַמאָל איז געווען אַ פרינצעסין, איז זי געווען די איינציגע ביי איהר פאָטער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער קעניג, האָט געהערשט איבער הונדערט מיט צוואַנציג פראָווינצען, און האָט געהאַט גאָלד און זילבער אָהן אַ שיעור.



די פרינצעסין איז געווען זעהר אַ שעהנע און אַ קלוגע, און עס פאַרשטעהט זיך אַז פיעלע פרינצען און מלכים האָבען מיט איהר געוואָלט חתונה האָבען. אָבער דער פרינצעסין איז קיינער פון זיי געווען געפע־לען. זי האָט אַזוי געזאָגט:

„דיזע אַלע פּרינצען און מלכים ווילען מיך האָבען פאַר מיין שעהנ־הייט, אָדער פאַר מיין פאָטער׳ס גרויסען פאַרמעגען, אָדער צוליעבביידע זאַכען. אָבער שעהנהייט פאַרגעהט. עס וועט דאָך אַמאָל קומען אַ צייט ווען איך וועל ווערען אַלט, און ניט מעהר שעהן. רייכטום איז אויך ניט קיין פעסטע זאַך. עס פליהט אַמאָל אַוועק אַזוי ווי אַ ווינד. איך וועל הייראַטען נאָר אַזאַ מאַן וועלכער זאָל מיך ליעבען בלויז פאַר מיין שכל און פאַר מיין גוט האַרץ“.

עס איז אַריבער אַ צייט. די פּרינצעסין איז שוין געוואָרען 25 יאָהר, און דער קעניג איז געוואָרען שטאַרק בעזאָרגט וועגען זיין טאָכ־טער, טאָמער קריגט זי ניט אַ מאַן ווען זי איז נאָך יונג און שעהן, און וועט נאָכדעם, אַז זי וועט עלטער ווערען, ניט קריגען אַזאַ חתן ווי עס פּאַסט זיך פאַר דער קעניגליכער משפחה. האָט דער קעניג גענומען איינלאַדען אין זיין הויף יונגע פּרינצען פון אַלע לענדער, און צום סוף איז איינער פון זיי אַזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען דער פּרינצעסין, דאָס זי האָט איינגעוויליגט מיט איהם חתונה צו האָבען.

זי איז געווען זיכער אַז ער האָט ניט אַרויסגעקוקט אויף איהר פאָ־טער׳ס גרויסען פאַרמעגען, ווייל ער איז אַליין געווען זעהר, זעהר רייך. און וואָס אָנבעלאַנגט איהר שעהנהייט האָט ער איהר דען אַליין ניט געזאָגט אַז זי געפעלט איהם נאָר פאַר איהר קלוגהייט און גוטסקייט?

און זי האָט איהם געגלויבט.

אַ גאַנצען יאָהר האָבען זיי געלעבט גליקליך, נאָכדעם האָט די פּרינ־צעסין אָנגעהויבען צו צווייפלען אַ ביסעל אין איהר מאַן. עס האָט איהר אָנגעהויבען זיך צו דאַכטען אַז ער ליעבט זי דאָך בלויז פאַר איהר שעהנהייט. דאָס האָט איהר שטאַרק פאַרדראָסען און זי האָט געזוכט אַ וועג ווי אויסצופּרובירען זיין ליעבע.

איין טאָג, ווען איהר מאַן איז ערגעץ אַוועקגעפאָהרען, האָט די פּרינצעסין אַוועקגעשיקט אַלע דיענער פון איהר פּאַלאַסט, נאָכדעם האָט זי אָנגעפילט אַ טאָפּ מיט הייסע, ברענענדע קויהלען און איז מיט דעם אַריין אין איהר צימער.

אַ לאַנגע צייט האָט זי געהאַלטען איהר קאָפּ איינגעבויגט איבער דעם טאָפּ מיט קויהלען, און ווען איהרע באַקען זיינען שוין געווען אָנ־

געוואָרעמט און אָנגעפלאַמט פון די היץ, האָט זי איהר שעהנעם פּנים אוועקגעלייגט גלייך אויף די ברענענדע קויהלען.

איהר האָט געברענט, אָבער זי האָט די שמערצען אויסגעהאַלטען. נאָכדעם, אַז זי איז שוין געווען זיכער דאָס די שעהנהייט פון איהר פּנים איז אוועק, האָט זי איינגעדעקט איהר געזיכט אין אַ שלייער, זיך אוועק־געזעצט אין מיטען צימער און געוואַרט אויף איהר מאַן.

ווען דער פּרינץ איז געקומען, האָט זי דעם שלייער אויפגעהויבען. איהר פּנים איז געווען שוואַרץ ווי אַ קויהל, אָבער איהרע קלוגע אויגען האָבען געלויכטען אַזוי ווי אימער.

ביים ערשטען בליק האָט דער פּרינץ זיך דערשראָקען, אָבער ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין די אויגען פון זיין פרוי האָט ער פאַרשטאַנען וואָס זי האָט געטאָן, און ער איז צו איהר צוגעגאַנגען און האָט געזאָגט:

„איך ליעב דיך אַזוי ווי אימער!“

די פּרינצעסין האָט זיך געפיהלט גליקליך, און שפּעטער האָט זיך געפונען אַ גרויסער דאָקטאָר וועלכער האָט דער פּרינצעסינס פּנים אויס־געהיילט, און צוריקגעבראַכט איהר שעהנקייט וועלכע זי האָט פאַרלאָרען, ווען זי האָט געוואָלט אויספּרובירען איהר מאַן.

---

## אין גאָרטען

אין גאָרטען, וואו עס זיינען געוואַקסען פאַרשיעדענע גרינסען, האָט אויסגעבראָכען אַ קריעג. אָנגעפאַנגען האָט זיך דער קריעג צוליעב דעם, וואָס אַ צווייג פון גרינעם אַרבעס האָט זיך פאַרצווייגט און איז אַריינגעקראָכען אין אַ בינטעל רויטע רעטאַך. האָט עס דער רעטאַך ניט געוואָלט ליידען, און ער האָט אויסגעשריען צום אַרבעס:

„וואָס? די גאַנצע וועלט איז דיר ווייניג? ניט גענוג וואָס דו קלעטערסט אין דער הויך און דו פאַרשטעלסט מיר די זון, מאַכסטו מיר איינג אויך דאָ אונטען. ניין, איך וועל דאָס ניט שווייגען. אוועק, דו אַרבעס!“

„שווייג, דו ביטערער רעטאַך!“, האָט דער אַרבעס אויסגערופען. „דו פאַרגינסט מיר ניט מיינע שעהנע בליהונגען“.

„וואָס פאַר אַ נוטצען האָבען מענשען פון דיינע בליהונגען?“ האָט דער רעטאַך צוריקגעזאָגט. „מען עסט נאָר דיינע אַרבעס, אָבער דאָס מוז מען צוערשט זעהר לאַנג קאָכען. אָבער מיך עסט מען רויהערהייט, און מענשען ליעבען מיך“.

„וואָס שרייט איהר דאָרט?“ האָט ציבעלע זיך געבייזערט אויף די צוויי קריגער.

„זעה, זעה“ האָט אַרבעס געזאָגט. „ציבעלע־גריבעלע מישט זיך אויך אַריין. זי האָט אַזאַ נאַטור. ווער עס עסט איהר און ווער עס ריהרט זיך אָן צו איהר הערט זיך פון איהם ציבעלע. פוי, ציבעלע!“

האָט זיך ציבעלע פאַרשעהמט און געשוויגען, אָבער מען האָט געזעהן ווי עס גיסען זיך טרערען פון איהרע אויגען.

בולבע האָט ניט געקאָנט צוזעהן דעם צער פון ציבעלע און זי האָט פון אונטער דער ערד אַ געשריי געטאָן:

„אַרבעס, באַרבעס, קאַרגעס, גרינע ווערים זאָלען דיך עסען!“

אַרבעס האָט זיך געפונען באַליידיגט, אָבער ער איז געווען צו שטאָלץ צו ענטפערען אויף דער באַליידיגונג פון אַ בולבע.

באָב, וועלכער האָט זיך אימער גע׳חנפ׳עט צו אַרבעס, האָט זיך אַריינגעמישט און האָט אַ געשריי געטאָן אויף דער בולבע:

„שווייג, דו שוואַרצע מיאוס׳קייט! שווייג און ליעג אין דער ערד!“

דאָס האָט פאַרדראָסען דעם בוראַק, וועלכער איז אַ שכן פון דער בולבע.

„שווייג, דו באָב, דו טעלער־לעקער!“ האָט בוראַק אויסגעשריען. „עס איז בעסער צו ליעגען אין דער ערד און זיין פול מיט זאַפט און פרישקייט, איידער זיך טריקענען אויף דער זון און דאַרען אַזוי ווי דו“.

מערעלע האָט זיך מקנא געווען אָן בוראַק׳ס מוטה און זי האָט אויך געוואָלט אַריינוואַרפען אַ וואָרט:

„געוויס איז בעסער צו ליעגען אין דער ערד און זיין אַזוי זיס ווי איך,“ האָט מערעלע געזאָגט. „די וואָס ליעגען טיעפער אין דער ערד, די גלייכען די מענשען אַמבעסטען“.

ווען חריין האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך דערפרעהט און געזאָגט:

„זעהט איהר, מערעלע האט רעכט, איך ליעג אין דער ערד טיעפער פון אלעמען".

דער גאנצער גארטען האט זיך צולאכט פון חריין'ס רייד, אבער קוקורוזע האט זיך אויף אלעמען אנגעבייזערט:

„גענוג זיך אייך צו באריהמען. איהר זיינט אלע גארנישט געגען מיר".

בלויז זון־בלום האט געשוויגען, און אז מען האט איהר געפרעגט ווארום זי זאגט גארנישט, האט זון־בלום געענטפערט:

„א שאד די גאלדענע צייט צו פארברייגגען אין נארישע קריגעריי. די זון געהט באלד אונטער און איך וויל וואס מעהר געניסען איהר גאלדענעם שיין און זיך אנזעטיגען מיט איהרע שטראלען".

---

## דער טייערער פערל

אין ירושלים האט אמאל געלעבט א פרומער מאן יוסף בן יועזר. האט ער געהאט א זוהן שמעון, וועלכער איז ניט געווען אזוי פרום ווי ער. האט דער פאטער, וועלכער איז געווען א רייכער מאן, געזאגט: „איך וועל מיין פארמעגען ניט איבערלאזען צו מיין זון". ער האט גענומען זיין קאסטען געלד און און האט עס אריינגעטראגען אין בית המקדש.

ווען דער זוהן, שמעון, האט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער אוועק פון זיין פאטער'ס הויז און האט חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון דעם קעניג'ס גאלדשמיעד.

איינמאל האט שמעון געקויפט א פיש און האט עס געבראכט אהיים צו עסען. ווען זיין פרוי האט דעם פיש אויפגעשניטען האט זי אין דעם געפונען א פערל.

„זעה מיין מאן, וואס פאר א טייערער פערל דאס איז!" האט זי געזאגט.

„איך וועל מיט דעם געהן צום קעניג", האט שמעון געזאגט, „און דער קעניג וועט עס ביי מיר אבקויפען".

„געה ניט צום קעניג", האט די פרוי געזאגט, „דער קעניג וועט דיר

דערפאר פיעל ניט געבען, און דו וועסט מוזען נעהמען פון איהם אַ קלייניגקייט. געה בעסער אין בית המקדש. זיי דארפען דאָס האָבען פאַר דעם כהן גדול'ס אורים ותומים. אָבער געדענק, זאָלסט ניט זאָגען קיין פרייז. זאָלען זיי אַליין אָבשאַטצען וואָס דאָס איז ווערט. זיי וועלען דיר פיליכט געבען מעהר ווי דו קענסט דענקען צו בעטען".

שמעון האָט געפאָלגט און איז מיט דעם שטיין אַוועק צו די פאַר־וואַלטער פון דער קאַסע אין טעמפעל. זיי האָבען גענומען דעם פערל אָבשאַטצען און האָבען געזאָגט:

„דער פערל איז ווערט דרייצעהן קאַסטענס מיט גאָלד. אָבער מיר קענען איהם ניט קויפען".

„ווארום?" האָט שמעון געפרעגט.

„ווייל מיר האָבען ניט אַזוי פיעל גאָלד. אין דער קאַסע זיינען דאָ בלויז זיעבען קאַסטענס מיט גאָלד. און וואו זאָלען מיר נעהמען די איבעריגע זעקס?"

ווען שמעון האָט פון דעם דערהערט, האָט ער זיך פאַרטראַכט, און נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

„נעהמט איך דעם פערל פאַר דעם גאָלד וואָס איהר האָט. די זיעבען קאַסטענס גאָלד וועט איהר מיר באַצאָהלען, און די איבעריגע זעקס קאַס־טענס גאָלד וואָס איהר בלייבט מיר שולדיג שענק איך פאַר'ן טעמפעל".

ווען די פאַרוואַלטער פון דער קאַסע האָבען דאָס געהערט האָבען זיי זיך שטאַרק דערפרעהט און איהם אַוועקגעגעבען די זיעבען קאַסטענס גאָלד פאַר דעם פערל. נאָכדעם האָבען זיי איינגעשריבען אין בוך: „שמעון, דער זוהן פון יוסף, האָט געשענקט זעקס קאַסטענס גאָלד פאַר'ן בית המקדש". און דאָס איז געשטאַנען נעבען דער נדבה וואָס זיין פאָ־טער האָט געשענקט, און פיעלע האָבען עס געלעזען צוזאַמען:

„יוסף האָט געשענקט אויף דעם בית המקדש אַ קאַסטען מיט גאָלד. שמעון, דער זוהן פון יוסף, האָט געשענקט זעקס קאַסטענס מיט גאָלד".

אָבער ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין ירושלים אַז די קאַסע פון הייליגען טעמפעל איז אויסגעליידיגט געוואָרען, האָט מען ניט גערעדט פון די זעקס קאַסטענס גאָלד וואָס שמעון האָט געשענקט אויפ'ן טעמפל, נאָר מען האָט זיך באַקלאָגט, און אַזוי געזאָגט:

„יוסף האָט אין בית המקדש  א ר י י נ ג ע ט ר אָ ג ע ן  אַ קאַסטען מיט גאָלד, אָבער זיין זוהן האָט פון בית המקדש  א ר ו י ס ג ע ט ר אָ ג ע ן  זיעבען קאַסטענס מיט גאָלד“.

## די צוויי ברידער

אַמאָל זיינען געוועזען צוויי ברידער.ביידע זיינען געוועזען פאַרמערס און זייערע פעלדער זיינען געווען נאָהענט איינער נעבען דעם אַנדערען.

איינער פון די ברידער, דער עלטערער, איז געוועזען אָהן אַ ווייב, און ער האָט געלעבט איינער אַליין. דער אינגערער האָט געהאַט אַ פרוי מיט דריי קינדער. ביידע ברידער זיינען געוועזען אָרים. און מעהר ווי דאָס ביסעל לאַנד וואָס זיי האָבען גע׳ירש׳ענט פון זייער פאָטער האָבען זיי ניט געהאַט. די פעלדער פלעגען זיי בעאַרבייטען צוזאַמען, און נאָך דעם שניט פלעגען זיי איבערצעהלען די גאַרבען זאַנגען און זיך צוטיילען אויף צוויי גלייכע חלקים. יעדער איינער פלעגט זיינע גאַרבען צונעהמען צו זיך אַהיים און אַוועקלייגען אין זיין שפייכלער.

איין נאַכט, נאָך דעם שניט, נאָך דעם ווי די ברידער האָבען זיך צוטיילט מיט די פרוכט פון זייערע פעלדער, איז דער עלטערער ברודער געלעגען אויף זיין בעט און געטראַכט. ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען צוליעב זיינע מחשבות. ער האָט זיך געטראַכט אַזוי: מיין ברודער האָט אַ ווייב מיט קינדער און ער דאַרף זיי געבען עסען, טרינקען, קליידער און שיך. און איך בין איינער אַליין אויף דער וועלט און אַרבייט נאָר אום אָנצופילען מיין בויך. טאַ ווי קום איך צו נעהמען אַ גלייכען טייל מיט מיין ברודער? דאָס איז ניט רעכט וואָס איך טו!

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין בעט, איז אַריין אין שפייכלער, גענומען אַ גרויסע צאָהל גאַרבען און אָנגעלייגט אויף אַ וואָגען, וועלכען ער האָט שטילערהייט צוגעפיהרט צו זיין ברודערס שפייכלער, און דאָרט די גאַרבען אַוועקגעלייגט. נאָכדעם איז ער צוריק געקומען אַהיים, זיך ווידער אַריינגעלייגט אין זיין בעט און איז געשמאַק איינגעשלאָפען.

אין דער זעלבער נאַכט האָט דער אינגערער ברודער אויך ניט געקאָנט איינשלאָפען. ער האָט געטראַכט וועגען זיין עלטערען

ברודער אַזוי: וואָס פאַר אַ גרויסער רחמנות עס איז אויף מיין על־טערען ברודער. וועלכער לעבט אַליין איינער אַליין, אָהן פאַמיליע. איך האָב קינדער, און אויף מיינע עלטערע יאָהרען, ווען איך וועל שוין ניט קענען אַרבייטען, וועלען זיי מיך שפּייזען. אָבער וואָס וועט טאָן מיין אָרימער ברודער ווען ער וועט אַלט ווערען? עס איז דאָרום ניט רעכט אַז איך זאָל נעהמען אַ גלייכע העלפט מיט איהם!

און איידער עס איז געוואָרען טאָג האָט זיך דער אינגערער ברודער אויפגעהויבען פון זיין געלעגער, האָט אַרויסגעפיהרט פון זיין שפּייכלער אַ היבשע ביסעל גאַרבען תבואה און זיי אַוועקגעלייגט אין זיין ברודער׳ס שפּייכלער.

ביי טאָג, ווען די ברידער האָבען באַזוכט זייערע שפּייכלערס, האָבען זיי זיך געוואונדערט וואָס דאָרט איז גאָר ניט געווען קענטיג אַז עס פעהלט עפּעס, אָבער זיי האָבען ביידע געשוויגען.

אויף דער אַנדער נאַכט האָבען זיי געטאָן די זעלבע זאַך, ניט ווי־סענדיג איינער פון דעם אַנדערן, און ווען זיי זיינען בייטאָג אַריין אין די שפּייכלערס האָבען זיי זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען וואָס אין די שפּייכלערס האָט גאָרנישט געפעהלט, אַזוי ווי עס איז דאָרטען גאָרנישט געריהרט געוואָרען.

אויף דער דריטער נאַכט האָבען זיי ווידער געטאָן דאָס זעלבע, אָבער אין מיטען וועג האָבען זיי זיך באַגעגענט מיט זייערע וועגעלאַך. ערשט האָבען זיי ביידע פאַרשטאַנען אַז ביידע האָבען געהאַט די זעלבע גע־דאַנקען. זיי האָבען איינע די אַנדערע אַרומגענומען און געוויינט.

דאָס זיינען געווען טרערען פון פרייד. יעדען איינעם פון זיי האָט געפרעהט וואָס ער האָט אַזאַ טרייען ברודער.

---

## אַלע מענשען זיינען גלייך

רבי יהודה הנשיא איז געווען זעהר רייך און האָט געגעבען פיעל צדקה.

אָבער זיין האַנד איז געווען אָפען נאָר פאַר געלעהרטע מענשען. אונוויסענדע מענשען האָט ער ניט ליעב געהאַט. ער איז געווען זעהר

שטאָלץ אויף זיין קענטשאַפט, און האָט זיך דערוויטערט פון אָרימע מענ־שען וואָס האָבען קיין געלעגענהייט געהאַט זיך צו לערנען.

איין מאָל איז געווען אַ הונגער־יאָהר, און דאָס גאַנצע אידישע לאַנד האָט געליטען שרעקליכען נויט. רבי יהודה האָט געעפענט זיינע שפייכלערס, וועלכע זיינען געווען אָנגעפילט מיט שפייז, און האָט גע־טיילט צו די הונגעריגע. אָבער איידער ער פלעגט איינעם געבען שפייז פלעגט ער איהם פרעגען אויב ער האָט געלערנט. אויב דער אָרימער האָט פיעל ווייניג געלערנט, האָט ער איהם געהאָלפען. אָבער אויב ער איז געווען אונוויסענד האָט ער איהם אַוועקגעשיקט אַהיים מיט ליידיגען.

און דער אונוויסענדער איז אַוועק מיט אַ צובראָכענער האַרץ צו זיינע הונגעריגע פרוי און קינדער.

די תלמידים און פריינד פון רבי יהודה זיינען געווען זעהר אונצו־פרידען פון דעם וואָס ער מאַכט אַן אונטערשיעד צווישען געלעהרטע און ניט געלעהרטע. זיי האָבען איהם געבעטען אַז ער זאָל העלפען אַלעמען גלייך, אָבער רבי יהודה איז געווען זעהר שטאַרק איינגעשפאַרט און האָט זיך ניט צוגעהערט צו זייערע רייד.

איינער פון די געלעהרטע לייט פון ירושלים האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָרימאַן און איז געקומען צו רבי יהודה און געבעטען ער זאָל איהם אויסהעלפען. האָט איהם רבי יהודה געפרעגט: „האָסטו געלערנט?"

„ניין, איך האָב ניט געלערנט", האָט דער מאַן געענטפערט.

„אויב אַזוי קען איך דיר גאָרנישט געבען", האָט רבי יהודה געזאָגט.

„אָבער מיט וואָס בין איך ערגער פון אַ ראָב, אָדער אַ הונט?" האָט דער מאַן געפרעגט. „גאָט שפייזט דאָך אפילו אויך דיזע באַשע־פעניסען".

ווען רבי יהודה האָט דערהערט אַזעלכע קלוגע ווערטער, האָט ער זיין מיינונג געענדערט און האָט דעם מאַן געגעבען איינינגע מאָס ווייץ און אַנדערע שפייזען.

נאָכדעם אַז דער מאַן איז אַוועק, האָט רבי יהודה'ן אָנגעהויבען

צו פאַרדריסען וואָס ער האָט געהאָלפען אַ מענשען וועלכער איז ניט געלערנט, און ער האָט וועגען דעם דערצעהלט זיינע תלמידים.

דאַן האָט איהם איינער פון זיינע תלמידים אויסגעזאָגט:

„רבי! דיזער אָרימאַן איז געווען קיין אַנדערער ווי דער גרויסער געלעהרטער רבי יונתן בן עמרם“.

רבי יהודה האָט גליך געשיקט נאָך רבי יונתן בן עמרם און האָט איהם געפרעגט:

„ווארום האָסטו מיר געזאָגט אַז דו קענסט קיין זאַך ניט?“

„ווייל איך האָב ניט געוואָלט געניסען פון מיין וויסענשאַפט“, האָט רבי יונתן בן עמרם געענטפערט. „איך האָב ביי דיר געבעטען הילף נאָר אויף דעם רעכט פון מענשליכען געפיהל, פון רחמנות, אָבער ניט דערפאַר ווייל איך בין געלערנט“.

רבי יהודה האָט ענדליך איינגעזעהן אַז רבי יונתן האָט רעכט, האָט ער פון יענעם טאָג אָן און וויטער געטיילט שפייז צו אַלע הונגעריגע גליך, געלערנטע און ניט געלערנטע.

---

## דער שלעכטער צאָהלער

אַמאָל איז געווען אַ מאַן, וועלכער האָט ליעב געהאַט צו באָרגען געלד ביי מענשען און נאָכדעם זיי ניט באַצאָהלען. איינמאָל האָט ער געליהען הונדערט דאָלאַר ביין אַן אָרימען מענשען. די הונדערט דאָלאַר איז געווען אַלעס וואָס דער מאַן האָט פאַרמאָגט.

ווען עס איז געקומען די צייט פון באַצאָהלען, האָט דער שלעכ־טער צאָהלער געזאָגט אַז ער האָט שוין די הונדערט דאָלאַר באַצאָהלט. דער אָרימאַן האָט געשריען אַז ער האָט ניט באַצאָהלט, און נאָך אַ לאַנגען קריעג האָט דער אָרימאַן איהם געלאַדען אין געריכט.

דער שלעכטער צאָהלער האָט געוואוסט אַז אין געריכט וועט מען איהם הייסען שווערען אַז ער האָט באַצאָהלט, אָבער פאַלש שווערען האָט ער מורא געהאַט, ווייל אַזאַ זינד איז זעהר שרעקליך, און עס קומט דערפאַר אַ זעהר גרויסע שטראָף. אָבער צאָהלען האָט דער שלעכ־טער צאָהלער אויך ניט געוואָלט.

האָט דער שלעכטער צאָהלער באַקומען אַ פּוסטען שטעקען און האָט אין דעם שטעקען אַריינגעלייגט הונדערט דאָלאַר. מיט דיזען שטעקען איז ער געקומען אין געריכט.

דער אָרימאַן האָט דעם ריכטער דערצעהלט מיט טרערען, ווי דער שלעכטער צאָהלער איז צו איהם געקומען און האָט ביי איהם געליהען הונדערט דאָלאַר, און האָט איהם פאַרשפּראָכען דאָס געלד צוריקצוקעהרען אין צוויי חדשים ארום. אָבער ווען די צייט פון צאָה־לען איז געקומען, האָט דער שלעכטער צאָהלער געזאָגט אַז ער האָט שוין דאָס געלד איהם צוריק געצאָהלט.

דער אָרימאַן האָט דעם ריכטער געזאָגט אַז די הונדערט דאָלאַר איז זיין גאַנצער פאַרמעגען, און ער האָט דערביי אַזוי געוויינט, דאָס אַלע וואָס זיינען געווען אין געריכט האָבען אויך געוויינט. דער איינ־ציגער וואָס האָט ניט געוויינט איז געווען דער שלעכטער צאָהלער.

דער ריכטער האָט דאַן געפרעגט דעם שלעכטען צאָהלער:

„איז דאָס אמת אַז איהר האָט ביי דעם מאַן געליהען הונדערט דאָלאַר?“

„עס איז אמת“, האָט דער שלעכטער צאָהלער געענטפערט.

„און דאָס איז אויך אמת אַז איהר האָט פאַרשפּראָכען דאָס געלד איהם אומקעהרען אין צוויי חדשים צייט?“

„דאָס איז אויך אמת“.

„טאָ וואָרום ווילט איהר ניט צאָהלען?“ האָט דער ריכטער שטרענג אויסגערופען.

„הערר ריכטער!“ האָט דער שלעכטער צאָהלער מיט חוצפּה גע־זאָגט. „איהר דאַרפט איהם ניט גלויבען. איך האָב איהם שוין דאָס געלד אומגעקעהרט. ער וויל אַז איך זאָל איהם צוויי מאָל באַצאָהלען“.

דער ריכטער האָט אַ ווייל געטראַכט און נאָכדעם האָט ער גע־זאָגט:

„אַזוי ווי דער מאַן זאָגט אַז איהר האָט איהם נאָך ניט באַצאָהלט און איהר זאָגט אַז איהר האָט איהם שוין יאָ באַצאָהלט, בלייבט מיר ניט מעהר ווי אייך צו געבען אַ שבועה, איהר זאָלט שווערען אויף

דעם וואָס איהר זאָגט. זייט איהר בערייט צו שווערען אַז איהר האָט איהם די הונדערט דאָלאַר אומגעקערט?״

„יא״, האָט דער שלעכטער צאָהלער געענטפערט.

נאָכדעם האָט דער שלעכטער צאָהלער געבעטען דעם אָרימאַן ער זאָל צוהאַלטען זיין שטעקען ביז ער וועט אָבשווערען. דער אָרימאַן האָט ניט געוואוסט וואָס אין דעם שטעקען געפינט זיך, האָט ער דאָס גענומען. דער שלעכטער צאָהלער האָט דאַן געשוואָרען אַז ער האָט די הונדערט דאָלאַר שוין אומגעקערט.

ווי דער אָרימאַן האָט דערהערט די פאַלשע שבועה איז ער געוואָרען אַזוי אויפגערעגט, דאָס ער האָט זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און ער האָט מיט דעם שטעקען געגעבען דעם שלעכטען צאָהלער אַ שטאַרקען קלאַפּ איבער׳ן קאָפּ. דער שטעקען האָט זיך צובראָכען, און עס איז פון איהם אַרויסגעפאַלען די הונדערט דאָלאַר.

דאַן האָט דער ריכטער דערזעהן דעם שווינדעל, און ער האָט געזאָגט אַז דער אָרימאַן זאָל קריגען די הונדערט דאָלאַר, און דער שלעכטער צאָהלער — זיין צובראָכענעם שטעקען.

---

# דער רעטאַך

אַמאָל האָבען געלעבט צוויי ברידער. איז איינער געווען רייך און האָט געהאַט זעהר פיעל גאָלד, און פעלדער, און גערטנער, און שאָף, און פיה. דער אַנדערער איז געווען אָרים און האָט גאָרנישט געהאַט אויסער זיין אָרימע הייזעל אין וועלכער ער האָט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע, און אַ קליין שטיקעל פעלד וואָס איז איהם פאַרבליבען פון זיין פאָטער.

ניט האָבענדיג פון וואַנען צו לעבען, האָט דער אָרימער ברודער אויסגעזוכט קערנער פון פאַרשיעדענע פלאַנצונגען און האָט פאַרזעעט זיין פעלד.

פון איינעם פון די קערנער האָט באַלד אַרויסגעשפּראָצט אַ רעטאַך, און דער רעטאַך איז געוואַקסען זעהר שנעל און זעהר גרויס. אַזאַ רעטאַך איז נאָך ניט געווען זייט די וועלט שטעהט און וועט ניט זיין.

מענשען זיינען געקומען פון איבעראל אנצוקוקען דעם גרויסען וואונדער־ליכען רעטאך, און איינינע האבען איהם געוואלט אבקויפען, אבער דער ארימער מאן האט זיך מיט דעם רעטאך ניט געוואלט שיידען און האט איהם געלאזט וואקסען אין זיין גארטען.

ווען דער רעטאך איז שוין געווארען אזוי גרויס אז ער האט מעהר ניט געקענט וואקסען, האט דער ארימער מאן גענומען טראכטען וואס ער זאל מיט איהם טאן. פארקויפען האט ער דעם רעטאך ניט געוואלט, זאגענדיג: „דאס וואס מענשען ווילען מיר געבען פאר איהם איז דאס ווערט פאר מיר אליין. איך וועל בעסער דעם רעטאך עסען. פון אזא רעטאך קען מען עסען און עסען א גאנצען ווינטער".

אבער ווען ער האט דעם רעטאך געוואלט ארייננטראגען אין הויז האט ער געזעהן אז ער האט ניט גענוג ארט פאר איהם. איז איהם איינגעפאלען א געדאנק, אז ער זאל דעם רעטאך אוועקפיהרען צום קעניג א מתנה, און דער קעניג וועט איהם געווים באפרידיגען דערפאר.

אזוי ווי דער רעטאך איז געווען זעהר גרויס האט ער געמוזט איהם ארויפלייגען אויף א וואגען, און צוויי אקסען האבען געמוזט שלעפען דעם וואגען. ווען ער איז געקומען צו דעם קעניג׳ס פאלאסט און די קעניגליכע דיענער האבען דערזעהן די וואונדערליכע מתנה וואס דער מאן האט געבראכט, האבען זיי גלייך דעם קעניג געמעלדעט און דער הערשער איז ארויסגעקומען זעהן די מתנה.

„זאג מיר", האט דער קעניג אויסגערופען מיט גרויס באוואונדע־רונג, „זאג מיר, וואו האסטו גענומען אזא רעטאך? האסטו דאס מיט דיין חכמה אזוי געפלאנצט און ארויסגעבראכט פון דער ערד אזא רעטאך, אדער דאס איז געקומען פון א צופאל?"

„א צופאל, א גליקליכער צופאל האט געבראכט אזא טייערען רע־טאך, גראדע אויף דעם גארטען פון אזא ארימען מענשען ווי איך", האט דער מאן געזאגט צום קעניג. „איך האב געדענקט אז דאס וואלט געווען א גוטע זאך פאר׳ן קעניג, האב איך דאס געבראכט פאר א מתנה. אזא ארימער מענש ווי איך דארף ניט האבען אזא רעטאך. ער קען עסען קליינע רעטעכלעך".

דער קעניג איז זעהר גערירט געווארען פון דעם ארימאן׳ס גע־

שאנק און ער האָט צו איהם געזאָגט: „פון היינט אָן און ווייטער וועסטו מעהר ניט זיין אָרים".

דער קעניג האָט איהם געגעבען אַ סך גאָלד און זילבער, און שאָף, און פיה, און אויך אַ גרויס שטיק לאַנד. דער אָרימער מענש איז גע־קומען צוריק אַהיים זעהר אַ רייכער מאַן.

ווען זיין ברודער האָט פון דעם דערהערט, האָט ער צו זיך אַזוי געזאָגט:

„איך וועל אויך אַוועקפיהרען אַ מתנה צום קעניג, וועט ער מיר אויך שעהן באַפרידיגען. ווען מיין ברודער האָט איהם געשענקט בלויז אַ רעטאַך האָט איהם דער קעניג געגעבען אַזוי פיעל רייכע מתנות, טאָ וואָס וועט שוין דער קעניג מיר געבען אַז איך וועל איהם ברייננגען טייערע פערל, דיימאַנטען און בריליאַנטען?"

אַז דער אַנדער ברודער איז געקומען צום קעניג מיט די טייערע שטיינער, האָט איהם דער קעניג זעהר שעהן באַדאַנקט און נאָכדעם האָט דער קעניג געזאָגט:

„איך וויל דיר אויך מאַכען אַ שעהנע מתנה. ניט לאַנג צוריק האָט מיר אַ מאַן געבראַכט זעהר אַ גרויסען רעטאַך. אַזאַ רעטאַך איז נאָך ניט געווען און וועט ניט זיין. וועל איך דיר דעם רעטאַך געבען אַלס מתנה פון מיר".

און דער רייכער מאַן האָט אַ פאַרשעהמטער געמוזט פיהרען צוריק דעם רעטאַך וואָס זיין אָרימער ברודער האָט געבראַכט.

---

# אליהו הנביא

סעמי איז געווען זעהר אַ קלוגער אינגעל און זעהר אַ גוטער. ער איז געגאַנגען אין שולע און האָט זעהר גוט געלערנט. זיינע עלטערען האָבען איהם זעהר ליעב געהאַט, ווייל ער איז געווען אַ געהאָרכזאַמער אינגעל און האָט אַלעס געפאָלגט וואָס זיי האָבען איהם געהייסען.

אַז עס איז געקומען די צייט פון פסח, האָט סעמי זיך אויסגעלערענט פרעגען די פיער קשיות און זאָגען די הגדה. ער האָט געהערט ווי עלטערע מענשען דערצעהלען אַז אליהו הנביא קומט צום סדר און פאַר־

זוכט די ווײַן וואָס איז פאַר איהם אָנגעגרייט אין אַ גרויסען בעכער. סעמי האָט זיך געוואונדערט ווארום ער האָט אליהו'ן קיינמאָל ניט געזעהן ביז יעצט. ער האָט דאָס פיעלע מאָל געפרעגט אין די פריהער־דיגע נעכט פון פסח, אָבער יעדען מאָל האָט איהם זיין פאָטער געזאָגט, אַז אַ מלאך קען מען ניט זעהן. אליהו זעהט אַלעמען, אָבער קיינער קען איהם זעהן.

איך מוז איהם היינט זעהן! האָט סעמי ביי זיך באַשלאָסען. איך וועל זיך גוט צוקוקען ווען די מאַמע עפענט די טהיר פאַר איהם. איך וועל זיך שטעלען נעבען אליהו'ס בעכער אַזוי נאָהענט אַז ער וועט זיך מוזען אָן מיר אָנריהרען.

אַ גאַנצען אָווענד, אין דער צייט ווען מען האָט געזאָגט די הגדה, איז סעמי געווען זעהר אונגעדולדיג. ער האָט זיך קוים געקענט דער־וואַרטען ביז עס איז געקומען די מינוט וואָס מען דאַרף עפענען די טהיר פאַר דעם נביא.

אָבער איידער זיין מוטער האָט צייט געהאַט צו עפענען די טהיר, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ פון דרויסען.

סעמי'ס עלטערען און זיינע צוויי אינגערע ברידערלעך און ער אליין האָבען געקוקט איינע אויף די אַנדערע און זיך געוואונדערט ווער עס קען קלאַפּען אין טהיר אין אַזאַ צייט.

„אַריין!" האָט סעמי'ס מוטער געזאָגט.

עס איז אריינגעקומען אַ שכן, און זאָגענדיג „גוט יום טוב" איז ער צוגעגאַנגען צו סעמי'ס פאָטער און האָט איהם געזאָגט עפּעס זעהר שטיל.

סעמי'ס פאָטער האָט זיך נאָכדעם איבערגערעדט מיט זיין מוטער, אויך זעהר שטיל.

סעמי האָט ניט געהערט וואָס זיי ריידען און ער האָט געדענקט אַז דאָס האָט עפּעס צו טהאָן מיט אליהו הנביא.

וואָס האָט געקענט געשעהן מיט אליהו הנביא? קען ער אפשר היינט ניט קומען?

סעמי האָט געזעהן ווי זיין מוטער פּאַקט איין אין אַ קאָרב פּאַר־

שיעדענע עסענס, און צוויי פלאַשען וויין, און נים און צוקערגעבעקס, נאָכדעם האָט זי געזאָגט צו סעמי׳ן:

„נעהם דיזען קאָרב מיט די זאַכען און טראָג אריין אין דער וואוינונג פון דער אָרימער אלמנה אויפ׳ן בוידעם. דער שכן האָט מיר געזאָגט, אַז מעהר ווי טרוקענע מצות האָט זי ניט אויף פסח".

יעצט האָט שוין סעמי פארשטאַנען צו וואָס דער שכן איז אריינ־געקומען אין מיטען סדר. ער האָט געפאָלגט זיין מוטער און האָט אַרויפגעטראָגען דעם קאָרב אין דער וואוינונג פון דער אלמנה אויפ׳ן בוידעם.

דאָרטען, אין דער אָרימער וואוינונג, איז געזעסען די אלמנה מיט פיער קינדער און האָבען געגעסען טרוקענע מצה. מעהר ווי מצה האָבען זיי ניט געהאַט. סעמי האָט געהערט ווי די קינדער פון דער אלמנה זאָגען די הגדה מיט אַן אומעטיגען און שוואַכען קול.

סעמי האָט זיך דערמאָנט וואָס זיין מוטער האָט איהם געזאָגט אַז ער זאָל טאָן. ער דארף אַוועקשטעלען דעם קאָרב און גלייך אַרונ־טערלויפען. קיינער פון די אָרימע פאַמיליע דארף וויסען ווער עס האָט די זאַכען געבראַכט.

אַזוי האָט טאַקי סעמי געטאָן: אַוועקגעשטעלט דעם קאָרב, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיהר, און גלייך אַוועק און אַרונטערגעלאָפען די טרעפּ. אָבער אויף דעם דריטען שטאָק איז ער געבליבען שטעהן. ער האָט געוואָלט זיך צוהערען וואָס דאָ וועט פאָרקומען.

ער האָט געהערט ווי די טיהר האָט זיך געעפענט און ווי אַ אינגעל האָט אויסגערופען מיט פרייד:

„זעה, מוטער, וואָס אליהו הנביא האָט אונז געבראַכט! וויין, פיש, פלייש, קייק און נאָך גוטע זאַכען!"

סעמי איז אַרונטערגעגאַנגען און איז אַריין אין דער וואוינונג פון זיינע עלטערען. ער איז געווען ביי זיך זעהר שטאָלץ. ער איז אויך אליהו הנביא!



# וואָס דוד האָט געקויפט

יעדע וואָך פלעגט דוד באַקומען פון זיין מוטער צעהן סענט. דוד פלעגט די געלד אַוועקלייגען אין אַ קליין קעסטעלע און דאָס שפּאָרען. ער האָט געדענקט אַז ווען ער וועט האָבען גענוג געלד וועט ער זיך קויפען אַ בייסיקעל. דוד האָט זיין געלד געהיט און ניט אויסגעגעבען אויף צוקערוועדק און נאַרישקייטען ווי עס טוען אַנדערע קינדער פון זיין עלטער.

אַ בייסיקעל האָט דוד געוואָלט שוין זייט אַ לאַנגע צייט. אין דעם געגענד וואו ער האָט געוואוינט זיינען געווען ברייטע גאַסען, זעהר באַקוועם פאַר קינדער זיך צו שפּיעלען און אַרומרייזען. וואָכען לאַנג האָט ער געקליבען געלד, און אַז ער האָט געזעהן דאָס ער האָט שוין גענוג, האָט ער געבעטען זיין מוטער אַז זי זאָל מיט איהם געהן קויפען דעם בייסיקעל.

זיין מוטער איז געווען צופרידען צו געהן מיט איהם. די גאַנצע וועג וואָס זיי זיינען געגאַנגען האָט דוד ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען דעם וואָס ער וועט קויפען. אָבער פּלוצלונג האָט ער אויפגעהערט צו ריידען. דוד האָט זיך פאַרקוקט אויף אַן אַנדער אינגעל פון זיין עלטער, וועלכער איז געשטאַנען אין גאַס און געוויינט.

„מאַמע", האָט דוד געפרעגט, „זאָג מיר וואָס וויינט דער אינגעל?"

דוד'ס מוטער איז צוגעגאַנגען צו דעם וויינענדיגען אינגעל און איהם געפרעגט וואָרום ער וויינט.

אָנפאַנגס האָט דער אינגעל ניט געוואָלט זאָגען, אָבער אַז דוד'ס מוטער האָט איהם אַ גלעט געטאָן איבער'ן קעפּעל און איהם שטאַרק געבעטען ער זאָל דערצעהלען וואָס מיט איהם איז געשעהן, האָט ער אָנגעצייגט אויף אַן אַלטער, אָרימער הויז און געזאָגט:

„אָט דאָרט ליעגט מיין פאָטער זעהר קראַנק, און קען ניט געהן צו דער אַרבייט, און מיר אַלע האָבען ניט וואָס צו עסען".

דוד און זיין מוטער האָבען געבעטען דעם אינגעל אַז ער זאָל זיי פיהרען צו זיין פאָטער. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין דער אָרימער וואוינונג, האָבען זיי געזעהן אַ קראַנקען מאַן ליעגען אין בעט.

„אָה", האָט דער קראַנקער געזיפצט, „ווען איך וואָלט נאָר געהאַט געלד אויף צו רופען אַ דאָקטאָר און נעהמען אַ מעדיצין, וואָלט איך געקענט ווערען געזונד און ווידער געהן צו דער אַרבייט".

דוד האָט אַריינגעקוקט זיין מוטער אין די אויגען. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

„מאַמע! ווּעסטו מיך לאָזען אַוועקגעבען מיין געלד צו דיזען אָרי־מען מאַן? איך דענק אַז איך וועל אָנקלייבען אַנדערע געלד אויף אַ בייסיקעל. עס האָט נאָך צייט. איך קען וואַרטען".

די מוטער האָט אַ שמייכעל געטאָן און געענטפערט:

„טו ווי דו פאַרשטעהסט, מיין קינד, און ווי דיין גוט האַרץ הייסט דיר".

דוד האָט גענומען זיין טייסטער און האָט איהם אויסגעליידיגט אויפ'ן טיש. זיין מוטער האָט אויך צוגעלייגט אַ ביסעל געלד פון איהרע.

דוד האָט דעם בייסיקעל ניט געקויפט, אָבער ער איז געוועזן צו־פרידען.

אַז ער איז איינמאָל ווידער פאַרבייגעגאַנגען די אָרימע הויז און האָט ווידער געטראָפען יענעם אינגעל, האָט איהם דער אינגעל דער־צעהלט אַז זיין פאָטער איז שוין געזונד, ער אַרבייט און פאַרדיענט געלד.

דריי חדשים זיינען אַוועק פון דעם טאָג אין וועלכען דוד האָט זיין געלד אַוועקגעגעבען דעם אָרימען אַרבייטער. דוד איז אַוועק מיט זיינע חברים זיך שפּיעלען ביים ברעג וואַסער. און די קינדער האָבען זיך געשפּיעלט און געשטיפט, און איינער דעם אַנדערן געשטויסען, און פּלוצלונג האָט איינער דוד'ען אַ שטופּ געטאָן און דוד איז אַריינגעפאַלען אין וואַסער. ווען די קינדער האָבען דאָס דערזעהן האָבען זיי אָנגע־הויבען צו שרייען פאַר גרויס שרעק, ווייל דוד האָט שוין געהאַלטען אין טרינקען זיך. אייניגע מענשען זיינען אָנגעקומען, אָבער קיינער פון זיי האָט געהאַט דעם מוט אַריינצוגעהן אין וואַסער און רעטען דעם טרינקענדען אינגעל.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ מאַן פון אַן אַנדער זייט, און זעהענדיג וואָס דאָ איז פאָרגעקומען איז ער אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און אַרויסגעשלעפּט דוד'ן, וועלכער איז שוין געוועזן אַ פאַר'חלש'טער, קוים

וואס ער האט געלעבט. ווען דוד האט געעפענט זיינע אויגען, האט ער געזעהן אז דער מאן וואס האט איהם געראטעוועט איז געווען דערזעלבער וועמען ער האט אמאל אוועקגעגעבען זיין גאנצע געלד אום דער מאן זאל זיך קענען היילען פון זיין קראנקהייט.

„דאס ביזטו, דוד?“ האט דער מאן געפרעגט. „ווי גוט עס איז אז איך בין לעבען געבליבען אום צו קענען רעטען דיין לעבען!“

---

## גוג ומגוג אין לאנדאן

אין לאנדאן איז דא א „גילדהאל“, וואס איז אזוי ווי א סיטי האל אין אמעריקא, און רייזענדע וואס באזוכען דיזע גרויסע וועלט־שטאדט, און קומען זעהן דעם גילדהאל, באמערקען צוויי גרויסע פיגורען פון בראנז שטעהן ביי דער געביידע אויף דער מערב זייט פון דער גרויסער שטאדט ראטהויז.

די צוויי פיגורען זיינען באקאנט אלס גוג ומגוג.

דאס זיינען אבער ניט די סטאטוען פון די צוויי ריזען וואס ווערען דערמאנט אין דער תורה, נאר א גאנץ אנדער גוג און א גאנץ אנדער מגוג, און זייער געשיכטע איז ווערט צו דערצעהלען.

גוג און מגוג זיינען געווען צוויי ברידער.

ווען די ערשטע ענגלענדער זיינען אנגעקומען זיך צו באזעצען אין ענגלאנד, איז דאס לאנד געווען באוואוינט פון א ווילדער ראסע מענשען, וועלכע זיינען געווען גרויסע ריזען, גבורים, און האבען זיך אויפגעהאלטען אין פייכטע הייהלען, און אנשטאט קליידער האבען זיי געטראגען פעלכלעך פון חיות.

ווען דיזע ווילדע ריזען האבען געזעהן ווי פרעמדע מענשען קומען אין זייער לאנד און בויען זיך א שטאדט ביים ברעג פון טייך טהעמז (דאס איז געווען דער אנפאנג פון דער יעצטיגער שטאדט לאנדאן), איז דאס זיי זעהר ניט געפעלען געווען. און גוג, וועלכער איז געווען איינער פון די אנפיהרער פון די ווילדע גבורים, האט געזאגט:

„וואס ווילען די מענשען מאכען מיט די הייזער וואס זיי בויען?

ווארום וואוינען זיי ניט אין הייהלען אזוי ווי מיר? לאָמיר זיי אוים־הרג׳ענען און חרוב מאַכען זייער שטאָדט."

„ניין", האָט מגוג געזאָגט. „לאָמיר בעסער ווערען גוט־פריינד מיט זיי, און זיך לערנען פון זיי ווי צו בויען הייזער, אַקערען די ערד און וועבען שטאָף אויף קליידער. איך פאַרשטעה אַז עס איז בעסער צו וואוינען אין אַ הויז און זיין אָנגעטאָן אין קליידער, איידער וואוינען אין אַ הייהל און טראָגען פעלכלעך".

אָבער גוג און די אַנדערע גבורים האָבען ניט געוואָלט זיך צוהערען צו די רייד פון מגוג. זיי האָבען געקוקט אויף די נייע מענשען ווי אויף שונאים וואָס זיינען געקומען פאַרכאַפּען זייער לאַנד, און אַזעלכע שונאים, האָבען זיי געגלויבט, דאַרף מען באַפאַלען און מאַכען אַ סוף צו זייער לייב און לעבען.

האָבען די ריזען זיך צוזאַמענגענומען און געמאַכט אַן אָנפאַל אויף די איינגעוואַנדערטע, די „פרעמדע", און זיי פאַריאָגט פון אַלע קאָלאָ־ניעס, און זיי צוזאַמענגעטריבען אין איין ווינקעלע, אין לאָנדאָן. עס איז ביי די ריזען געבליבען אַז אויף דעם אַנדער טאָג זאָלען זיי נאָך אַמאָל באַפאַלען די „פרעמדע", און זיי אַלעמען אויסקוילענען, מענער, פרויען און קינדער צוזאַמען.

אָבער מגוג האָט געהאַלטען מיט די ענגלענדער, און ער איז אַריבער־געגאַנגען צו זיי, און האָט זי געצייגט ווי זיך צו רעטען פון דעם אָנ־פאַל. אויף זיין ראַט האָבען זיי אויסגעגראָבען אַ ברייטע און לאַנגע גרוב, אויף דעם וועג צו לאָנדאָן. אין דער גרוב האָבען זיי אויסגעשטעלט גרויסע, שפּיציגע אייזענס. פון אויבען האָבען זיי די גרוב פאַרדעקט מיט צווייגען פון ביימער און פאַרשאָטען מיט ערד. די אַרבייט איז געמאַכט געוואָרען ביינאַכט, ביי דער ליכט פון דער לבנה.

אויף מאָרגען, אַז די גרויסע שווערע ריזען זיינען געלאָפען נאָך לאָנדאָן, זיינען פיעלע פון זיי אַריינגעפאַלען אין דער גרויסער גרוב. זייערע שווערע קערפּערס האָבען זיך צושטאָכען אָן די גרויסע שפּיזען. די וואָס זיינען נאָך ניט אַריינגעפאַלען זיינען אַנטלאָפען צוריק אין זייערע הייהלען. די ענגלענדער זיינען אַרוים די ריזען אַנטקעגען, און די פאַרוואונדעטע האָבען זיי גענומען געפאַנגען.

צווישען די געפאַנגענע איז אויך געווען גוג. זיין ברודער מגוג איז איהם געפאַלען אויפ׳ן האַלז און געזאָגט:

„ברודער גוג! לאָמיר לעבען ווי ברידער צווישען דיזע גוטע מענ־שען און זיך לערנען צו פיהרען אַזוי ווי זיי״.

„ניין!״ האָט אויסגעשריען גוג. „איך וועל קעמפפען ביז׳ן טויט!״ און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיט זיין וואפפען אויף זיין ברודער מגוג.

אָבער מגוג איז אויך געווען אַ גרויסער העלד, און די ענגלענדער האָבען איהם געהאָלפען. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין ברודער גוג אַ באַזיעגטען. די ענגלענדער האָבען אויפגעהויבען דעם פאַרוואונדעטען גוג און זיי האָבען איהם אַריינגעטראָגען אין גילדהאָל. דאָרט האָבען זיי איהם אַוועקגעלייגט אויף אַ ווייכער בעטעל מיט קישענס, און זיי האָבען אויף איהם אַזוי גוט אויפגעפאַסט, דאָס ער איז אין אַ קורצער צייט געזונד געוואָרען.

גוג איז געווען אַזוי גערירט פון די גוטסקייט וואָס די ענגלענדער האָבען איהם אַרויסגעצייגט, דאָס ער האָט מיט זיי שלום געמאַכט און איז געבליבען וואוינען מיט זיין ברודער. און צו ביידענס אנדענקען האָ־בען די ענגלענדער אַוועקגעשטעלט זייערע סטאַטוען אין דעם גרויסען גילד־האָל.

---

## די טייערסטע זאַך אין הויז

אַ מאַן מיט אַ פרוי האָבען אָבגעלעבט צוזאַמען צעהן יאָהר. זיי זיינען געווען רייך און האָבען געוואוינט אין אַ שעהנער הויז, און נעבען דער הויז איז געווען אַ גאָרטען אין וועלכען עס זיינען געוואַקסען די בעסטע פרוכטען און די שעהנסטע בלומען. ווער עס האָט געזעהן דעם גאָרטען האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַ גן־עדן. די פּאָר־פאָלק האָבען אויך געהאַט אַ סך פריינד און זיי זיינען געווען באַליעבט און געאַכטעט פון אַלעמען.

און דאָך זיינען זיי ניט געווען גליקליך, און דאָס איז דערפאַר וויל זיי האָבען ניט געהאַט קיין קינדער.

„וואָס טויג אונז אַזאַ שעהנער גאָרטען מיט אַזאַ שעהנער הויז״,

האָט די פרוי געזאָגט, „אַז עס איז ניטאָ קיין קינד וואָס זאָל אין דעם אַרומלויפען, זיך שפּיעלען און אָנפילען אונזער הארץ מיט פרייד?“

און דער מאַן האָט אויך געזאָגט דאָס זעלבע. עס איז איהם אויך געווען אומעדיג אָהן קינדער, אוןביידע האָבען געטרויערט וואָס זיי האָבען קיין קינד וועמען צו ליעבען און מיט וועמען זיך צו שפּיעלען.

יעדען מאָל אַז זיי האָבען געזעהן אַנדערע מענער און פרויען געהן מיט זייערע קינדער אין גאַס, האָבען זיי מקנא געווען. איינמאָל אַז זיי האָבען באַגעגענט אַן אָרימע בעטלער־פרוי געהן מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, מיט אַ קינד אויפ׳ן אָרם און מיט נאָך פיער באָרפוסע, האַלב נאַקעטע קינדער וואָס האָבען זיך געשלעפּט נאָך איהר, האָט די רייכע פרוי געזאָגט צו איהר מאַן:

„אָט דיזע בעטלער־פרוי איז גליקליכער פון מיר“.

דער מאַן האָט שוין מעהר ניט געקענט פאַרטראָגען די ליידען פון זיין פרוי און ער האָט צו איהר געזאָגט:

„הער צו, מיין פרוי, לאָמיר געהן צו רבי שמעון און ער זאָל אונז גט׳ען. דו וועסט נעהמען אַן אַנדער מאַן און אפשר דאַן וועט דיך גאָט באַגליקען מיט אַ קינד“.

אַ לאַנגע צייט האָט די פרוי געטראַכט וועגען דעם. עס איז איהר שווער געווען צו שיידען זיך מיט איהר מאַן. אָבער די בענקשאַפט נאָך אַ קינד איז געווען זעהר גרויס און זי האָט באַשלאָסען זיך צו שיידען מיט איהר מאַן.

זיי זיינען געקומען צו רבי שמעון און געזאָגט אַז זיי ווילען זיך גט׳ען.

רבי שמעון איז געווען אַ גרויסער געלעהרטער מאַן און זעהר אַ פרומער. ער האָט ניט געוואָלט אַז די פּאָאר פאָלק זאָלען זיך שיידען, ווייל ער האָט זיי געקענט פאַר גוטע מענשען און האָט געוואוסט אַז זיי ליעבען איינע די אַנדערע זעהר שטאַרק.

האָט רבי שמעון געזאָגט צו זיי:

„איהר האָב אָבגעלעבט צוזאַמען צעהן יאָהר אין פריעדען און ליעבע, אין צופרידענהייט און גליק, פּאַסט זיך אַז איהר זאָלט זיך צו־שיידען מיט דער זעלבער ליעבע ווי אין דעם טאָג פון אייער חתונה.

איהר זאָלט מאַכען אַ מאָהלצייט, פאַררופען אייערע פריינד, און זאָלען זיך אַלע פרעהען מיט עסען און טרינקען, מיט מוזיק און מיט טענץ, אַזוי ווי אין דעם טאָג וואָס איהר זייט געוואָרען מאַן און ווייב".

דאָס איז די פאַר־פאָלק געפעלען געוואָרען און זיי זיינען אַוועק אַהיים, זיי האָבען איינגעלאַדען זייער פריינד, און געמאַכט אַ גרויסע סעודה מיט מוזיק און מיט טענץ, אַזוי ווי רבי שמעון האָט געהייסען.

ביים מאָהלצייט האָט די פרוי געזאָגט אַז נאָכדעם ווי דער באַל וועט זיך ענדיגען וועט זי דיזעלבע נאַכט זיך אומקעהרען צו איהר פאָטער.

„איך וויל דיך אָבער בעטען", האָט דער מאַן געזאָגט צו זיין פרוי, „אַז דו זאָלסט עפּעס נעהמען ביי מיר צום אנדענקען. קלייב זיך אויס די בעסטע, די טייערסטע זאַך וואָס איז דאָ אין הויז און נעהם דאָס מיט צו דיין פאָטער".

„איך דאַנק דיר זעהר, מיין מאַן", האָט די פרוי געזאָגט, „און יעצט טרינק נאָך אַ גלאָז וויין".

זי האָט איהם געמאַכט צו טרינקען זעהר פיעל וויין יענע נאַכט, ביז ער איז איינגעשלאָפען, און ער איז געשלאָפען אַזוי געשמאַק דאָס ער איז געלעגען ווי אַ שטיין. דאַן האָט די פרוי געהייסען די דיענער אַז מען זאָל איהר מאַן אָבפיהרען אין אַ וואָגען צו איהר פאָטער אַהיים.

אויף מאָרגען אין דער פריה, אַז דער מאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער זיך געוואונדערט ווי אַזוי ער קומט דאָ. ער האָט באַלד געזעהן אַז ער איז ניט ביי זיך אין דער היים.

און פּלוצלונג איז אין דעם צימער אַריינגעקומען זיין פרוי.

„וואו בין איך?" האָט ער געפרעגט.

„ביי מיין פאָטער אין הויז", האָט זי געענטפערט.

„און ווער האָט מיך געבראַכט אַהער?" האָט ער געפרעגט.

„איך האָב געהייסען אונזער דיענער דיך ברייגגען אַהער", האָט זי געענטפערט. „דו האָסט מיר געזאָגט אַז איך קען אויסקלייבען די בעסטע, די טייערסטע זאַך ביי אונז אין הויז און דאָס מיטנעהמען, האָב איך קיין בעסערע און קיין טייערערע זאַך ווי דו אַליין ניט געקענט געפינען".

נאָכדעם זיינען זיי ביידע אַוועק צו רבי שמעון און האָבען איהם געזאָגט אַז עס איז ביי זיי געבליבען אַז זיי זאָלען זיך ניט שיידען.

„זעהר גוט, מיינע קינדער", האָט דער גרויסער מאַן געזאָגט. „און דערפאַר וואָס איהר זייט איינע די אַנדערע אַזוי ליעב וועט אייך גאָט שיינקען אַ קינד".

און אַזוי איז דאָס געווען. אין אַ יאָהר אַרום האָט די פרוי געבאָרען אַ קינד, און פאָטער און מוטער זיינען געווען גליקליך, און האָבען געדאַנקט דעם גרויסען פרומען מאַן פאַר זיין גוטען ראַט וואָס ער האָט זיי געגעבען.

---

## דאָס קליינע ביכעלע

אין אַ גרויסער שטאָדט האָט אַמאָל געלעבט אַ יונגער מאַן וועלכער איז געווען זעהר רייך און ער האָט געוואוינט אין אַ גרויסען פּאַלאַסט.



דער יונגער מאַן איז נאָך געווען אונפאַרהייראַט. זיין גרויסען פאַרמעגען און דעם פּאַלאַסט, ווי אויך די שעהנע מעבעל און באַפּוצונגען האָט ער באַקומען אַ ירושה פון זיינע עלטערען וועלכע זיינען שוין געשטאָרבען.

מיט דער צייט איז דעם יונגען מאַן, וועמעס נאָמען איז געווען דוד, שטאַרק אומעדיג געוואָרען צו וואוינען אין פּאַלאַסט איינער אַליין, אָהן פאַרוואַנדטע, בלויז מיט די דיענער, און ער האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען פון נעהמען אַ פרוי, אום עס זאָל איהם זיין פרעהליכער.

ער האָט פאַרטרויט זיין פאַרלאַנג צו זיינע פריינד און זיי האָבען פאַר איהם אויסגעפונען אַ פרוי וואָס איז געווען זעהר שעהן און זעהר גוט, און דוד איז פאַר איהר געוואָרען אַ חתן.

און אַז עס איז געקומען די צייט ווען ער האָט געדאַרפט מיט איהר חתונה האָבען און איהר ברייננען אין זיין פּאַלאַסט, האָט ער געגעבען אַ באַפעהל צו דעם אויפזעהער פון זיין הויז, אַז ער זאָל אויספּוטצען אַלע צימערען און מאַכען אַלעס אין דער בעסטער אָרדנונג.

אין איינע פון זיינע צימערען האָט דוד געהאַט אַ גרויסע שאַפע מיט ביכער אין וועלכע ער פלעגט זעלטענס אַריינקוקען, ווייל ער איז אימער געווען פאַרנומען מיט זיינע געשעפטען און האָט געהאַט ווייניג צייט צו לעזען. די ביכער זיינען געווען אַלט און פאַרשטויבט, און פון מאַנכע האָבען די רוקענס זיך אָבגעריסען. האָט דוד געזאָגט צו דעם אויפזעהער פון זיין פּאַלאַסט אַז ער זאָל די ביכער געבען צו אַ בוכבינדער, און יענער זאָל יעדען בוך אַריינטאָן אין אַ נייעם שעהנעם באַנד, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ רייכען מאַן ווי דוד איז געווען.

דער דיענער האָט צוזאַמען גענומען אַלע ביכער און האָט זיי אַוועק־געשיקט צום איינבינדער. בלויז איינעם האָט ער פאַרגעסען אַוועקצו־שיקען, און דאָס איז געווען אַ קליינער ביכעל, מיט געמעלעכצען, וועל־כער איז ערטער־ווייז געווען צופליקט און צוריסען. דאָס ביכעל האָט געוויינט פאַר צער וואָס מען לאָזט איהם איבער, און די אַנדערע ביכער, די גרויסע און די גראָבע, האָבען געלאַכט פון דאָס קליין ביכעלע וואָס בלייבט איבער אין דער שאַפע.

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום, אַז דער בוכבינדער האָט צוריקגעבראַכט די גרויסע און די גראָבע ביכער אין זייערע שעהנע לעדערנע טאָוולען, מיט גאָלד באַפּוצט, און דער דיענער האָט דערזעהן דעם קליינעם ביכעלע וועלכער איז געווען ערטער־ווייז צופליקט און צוריסען, האָט ער דעם ביכעלע אַרויסגענומען פון דער שאַפע, זיך טראַכטענדיג, אַז עס פּאַסט

ניט פאר די אנדערע ביכער צו זיין אין איין שאפע מיט דעם אלטען ביכעלע. דער דיענער האט דעם קליין ביכעלע צוגענומען און אוועקגע־לייגט ערגיץ אין א ווינקעלע, אין אן אנדער צימער.

דאס קליין ביכעלע האט ווידער געוויינט וואס מען טוט איהם אן אזא שאנדע, און די גרויסע, גראבע ביכער האבען פון איהם געלאכט.

איז זיך דאס קליינע ביכעלע געלעגען אין א ווינקעלע אין א זייטיגען צימער, איינער אליין, און געדענקט אז ער איז שוין פארלארען אויף אימער, אז קיינער וועט איהם מעהר אין האנד ניט נעהמען.

דוד האט חתונה געהאט און זיך באזעצט מיט זיין פרוי אין דעם פאלאסט. צום יאהר איז ביי זיי א קינד געבארען געווארען. דאס איז געווען א שעהן אינגעלע מיט קלוגע אויגעלעך, און פאפא און מאמע האבען איהם זעהר ליעב געהאט.

יוסף האבען זיי איהם א נאמען געגעבען. איז דאס ניט א שעהנער נאמען פאר א אינגעלע?

יוסף איז געוואקסען, און אז ער האט שוין אנגעהויבען צו פאר־שטעהן און צו ריידען, האט איהם זיין מוטער גענומען דערצעהלען שעהנע מעשה׳לאך. יעדע נאכט, ווען יוסף׳ל פלעגט זיך לייגען שלא־פען, פלעגט איהם זיין מוטער דערצעהלען א מעשה.

איינמאל האט די מוטער ניט געהאט וואס צו דערצעהלען. זי האט שוין אויסדערצעהלט אלע מעשה׳לאך וואס זי האט געוואוסט, און קיין נייע מעשה׳לאך האט זי ניט געהאט, איז זי אריין אין דעם צימער וואו עס איז געשטאנען די גרויסע שאפע מיט ביכער און געזוכט, אבער זי האט דארט ניט געפונען אפילו איין בוך מיט שעהנע מעשה׳לאך.

דאן איז זי געגאנגען זוכען אין די אנדערע צימערען, ביז זי האט געפונען דאס קליינע ביכעלע, וועלכע איז געווען א לאנגע צייט פאר־ווארפען אין א ווינקעלע. און ווען זי האט אין דעם א קוק געטאן, האט זי זיך דערפרעהט, ווייל דארט האט זי געפונען א סך שעהנע מעשה׳לאך, אזעלכע וואס קינדער האבען זעהר ליעב. זי האט עס געצייגט צו איהר מאן, און אז ער האט א קוק געטאן אין דאס ביכעלע, האט ער עס גענומען אין זיינע הענד און א קוש געטאן, זאגענדיג:

„אט פון דעם ביכעלע פלעגט מיין זעליגע מוטער מיר דערצעהלען

זעהר שעהנע מעשה׳לאך. איך בעט דיך, לעז זיי פאר אונזער יוסף׳קען״.
און זייט דאן איז דאס קליינע ביכעלע, וועלכער איז שוין געוועזן צו־ריסען און צופליקט, געוואָרען דער ליעבלינג פון דער גאנצער פאמיליע.

---

## דער גוטער רבי אליעזר

אַמאָל, אין די אַלטע צייטען, איז געוועזן אַ גרויס געלעהרטער מאַן, רבי אליעזער איש ברתותא האָט ער געהייסען. איז ער געוועזן זעהר רייך, אָבער וואָס ער האָט געהאַט פלעגט ער פאַרטיילען צווישען אָרימע לייט. עס פאַרשטעהט זיך אַז ער האָט געהאַט זעהר פיעלע פריינד — דען וועלכער גוטער מענש האָט עס ניט פיעלע פריינד? — און דיזע פריינד האָבען זיך זעהר שטאַרק געזאָרגט וועגען דעם, אַז דורכדעם וואָס רבי אליעזר פאַרטיילט אַזוי פיעל געלד אָהן אַ רעכענונג, וועט ער סוף כל סוף אַליין ווערען אַן אָרימאַן און וועט מוזען אָנקומען צו צדקה.

דאַרום, אַז די צדקה גבאים פון דער שטאָדט פלעגען אַרויסגעהן און קלייבען געלד פאַר אַ צדקה זאַך, פלעגען זיי אויסמיידען די הויז פון רבי אליעזר, זאָגענדיג אַז ער גיט שוין גענוג אָהן זיי און מען דאַרף איהם ניט באַלעסטיגען, מען דאַרף איהם פאַרהיטען, אַז ער זאָל ניט פאַראָרימט ווערען. אָבער אַז רבי אליעזר פלעגט זיך דערוויסען אַז די גבאים זיינען אַרויס קלייבען געלד און זיי זיינען ביי איהם ניט געוועזן, פלעגט ער אַליין קומען צו זיי און זיי צווינגען אַז זיי זאָלען ביי איהם נעהמען זיין נדבה, און זיין נדבה איז אָפט געוועזן אַזוי גרויס, דאָס עס האָט באַטראָפען מעהר ווי אַלע נדבות וואָס די גבאים האָבען צוזאַמענ־געקליבען פון דער גאַנצער שטאָדט.

עס איז איינמאָל געקומען אַ צייט אַז רבי אליעזר האָט געדאַרפט חתונה מאַכען זיין טאָכטער פאַר וועמען ער האָט באַקומען אַ חתן וועלכער איז געוועזן שעהן און דערצו געלערנט אַזוי ווי ער, האָט צו איהם זיין פרוי געזאָגט: „אליעזר! אונזער טאָכטער באַקומט אַזאַ גרויסען מענשען פאַר אַ מאַן, דאַרף מען איהר באַזאָרגען מיט אַ שעהנעם אויסשטייער״. רבי אליעזר איז דאַן געוועזן פאַרנומען מיט׳ן לערנען.

האָט ער געענטפערט, אַז ווי באַלד ער וועט ענדיגען לערנען, וועט ער אַליין געהן אין מאַרק און איינקויפען דעם בעסטען אויסשטייער וואָס מען קען נאָר קריגען. און אַזוי האָט ער געטאָן. נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט לערנען, האָט ער מיטגענומען אַ גרויסע סומע געלד, זיין גאַנ־צען פאַרמעגען, און איז אַוועק אין מאַרק זעהן וואָס עס איז דאָ צו קויפען. און אַזוי ווי ער געהט אין מאַרק, האָבען איהם באַגעגענט די גבאים, און ווי זיי האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי זיך פון איהם באַ־האַלטען.

אָבער אליעזר האָט זיי פריהער דערזעהן, און זעהענדיג אַז זיי האָבען זיך פון איהם באַהאַלטען, האָט ער זיי גענומען זוכען, אַוי לאַנג ביז ער האָט זיי אויסגעפונען. דאַן האָט ער צו זיי געזאָגט: „איך באַ־שווער אייך, אַז איהר זאָלט מיר זאָגען וואָס איהר טוט היינט אין מאַרק!"

„מיר געהען אַרום וועגען עפּעס אַ מצוה זאַך", האָט איינער פון די גבאים געענטפערט", אָבער מיר דענקען אַז מיר האָבען שוין גענוג געלד אויף דעם".

„איך וויל דאָך וויסען פאַר וועמען איהר קלייבט דאָס געלד", האָט רבי אליעזר געזאָגט, „און איך וועל פון אייך ניט אָבטרעטען ביז איהר וועט מיר זאָגען דעם גאַנצען אמת".

דאַן האָט איהם איינער פון די גבאים אויסגעזאָגט:

„מיר קלייבען פאַר אַ חתן מיט אַ כלה וואָס דאַרפען באַלד חתונה האָבען און די כלה האָט ניט אויף אַן אויסשטייער, דער חתן איז אויך אָרים, און ביידע זיינען יתומים".

„אויב אַזוי", האָט רבי אליעזר געזאָגט און ער האָט אַרויסגענומען זיין בייטעל געלד, „דאַן נעהמט פון מיר צו מיין געשאַנק און גיט עס אַוועק צו דער כלה. זי איז בילכער פון מיין טאָכטער, ווייל מיין טאָכ־טער האָט אַ פאָטער און אַ מוטער, און די כלה האָט קיינעם ניט".

האָבען די גבאים געמוזט צונעהמען פון איהם זיין געלד, און זיי זיינען אַוועק.

דאָס געלד וואָס רבי אליעזר האָט אַוועקגעגעבען איז געווען זיין גאַנצער פאַרמעגען. עס איז איהם בלויז פאַרבליבען איין איינציגער גילדען. האָט ער פאַר דעם גילדען געקויפט אַ זעקעל תבואה און איז

מיט דעם אוועק אהיים. ער האָט דעם זעקעל תבואה אװעקגעלייגט בײ זיך אין שפּייכלער, און איז פון דאָרט אוועק אין בית המדרש לער־נען און זיך גאָר ניט געצייגט פאַר זיין פרוי, אָדער טאָכטער.

די מוטער מיט דער טאָכטער האָבען געװאַרט ביז רבי אליעזר וועט צוריקקומען פון מאַרק, און זעהענדיג אַז ער האָט עפּעס אריינגע־טראָגען אין שפּייכלער און איז נאָכדעם אוועק, זיינען זיי דאָרט אריין צו זעהן וואָס ער האָט געבראַכט. אָבער ווי איבערראַשט זיינען זיי געװאָרען אַז זיי האָבען געזעהן אַז דער גאַנצער שפּייכלער איז פול מיט תבואה. זיי האָבען פאַרשטאַנען אַז דאָ איז געשעהן אַ גרויסער נס, צוליעב דעם וואָס רבי אליעזר גיט זעהר פיעל צדקה.

די פרוי איז אַוועקגעלאָפען אין בית המדרש און האָט איהר מאַן דערצעהלט פון דעם פולען שפּייכלער מיט תבואה וואָס זי האָט געפונ־נען. „אונזער פאַרמעגען איז יעצט זעהר גרויס", האָט זי געזאָגט.

„עס איז ניט אונזער פאַרמעגען", האָט רבי אילעזר געענטפערט. „דאָס באַלאַנגט צו די אָרימע לייט. מיר האָבען אין דעם נאָר אַ קליינעם טייל".

---

## די גרעסטע זאַך אין דער וועלט

מיט יאָהרען צוריק האָט געלעבט אַ יונגער פּרינץ, דער זוהן פון אַ גרויסען מלך. אבנר האָט דער פּרינץ געהייסען, און פון זיין קינדהייט אָן האָט ער געזוכט נאָר גרויסע זאַכען.

ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין אינגעל האָט ער שוין געוואָלט זיין אַ גרויסער מאַן. ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין פאָטער'ס קעניגליכען פּאַלאַסט, וועלכער איז געווען זעהר הויך, האָט ער געזאָגט, אַז דער פּאַלאַסט איז ניט הויך גענוג, ער האָט געדאַרפט זיין אַזוי הויך, ביז צו די וואָלקענס. איינמאָל אַז מען האָט צום טיש דערלאַנגט אַ גרויסען פיש, האָט דער פּרינץ געזאָגט אַז דאָס איז אַ קליינער פישעלע, און אַז צו אַ קעניג'ס טיש האָט מען באַדאַרפט דערלאַנגען אַ פיעל גרע־סערען, אַ וואַל־פיש. איז דער פּרינץ געגאַנגען שפּאַצירען אין פעלד און האָט דערזעהן אַ טייכעל, איז ער געווען אונצופרידען וואָס דער

טייכעל האָט אַ ברעג. ער האָט געוואָלט זעהן אַ ים, אַ גרויסען ים, גאָר אָהן אַ ברעג.

דער פרינץ איז געוואַקסען און איז געוואָרען עלטער, אָבער אַז ער איז שוין עלטער געוואָרען, האָט ער נאָך אַלץ געזוכט גרויסע זאַכען. ער איז געווען אונצופרידען פון זיך אַליין. דען כאָטש ער איז געווען זעהר הויך, אַזוי ווי אַ ריעז, האָט ער געוואָלט זיין אַזוי הויך, אַזוי ווי דער טורעם פון זיין פאָטער'ס קעניגליכען פאַלאַסט.

איינמאָל האָט דער קעניג צוגערופען דעם פרינץ און האָט צו איהם געזאָגט:

„מיין קינד, איך ווער שוין אַלט, און ווער ווייס ווי לאַנג איך וועל נאָך לעבען. דאַרום איז מיין באַגעהר, אַז בעפאָר איך געה אַוועק פון דער וועלט, זאָל איך דיך זעהן פאַרהייראַט צו אַ גוטער פרוי. היינט וועסטו פאָהרען צום קעניג אלימלך וועלכער קיניגט איבער דאָס לאַנד פון די ווייסע בערג. ער האָט אַ שעהנע און געראָטענע טאָכטער און זי איז זעהר גוט און פרום. גרייט זיך שוין אין וועג אַריין".

„איז זי אַ גרויסע?" האָט דער פרינץ געפרעגט.

„דאָס וועסטו אַליין זעהן", האָט דער קעניג געענטפערט.

איז דער פרינץ אַוועקגעפאָהרען אין דער לאַנד פון די ווייסע בערג און האָט זיך געמעלדעט פאַר דעם קעניג אלימלך.

דער קעניג האָט דעם פרינץ פאָרגעשטעלט פאַר זיין טאָכטער, און ווי דער פרינץ האָט איהר דערזעהען, האָט ער זיך שטאַרק פערליעבט אין איהר. אַזאַ שעהנע און קלוגע פרינצעסין האָט ער נאָך קיינמאָל געזעהן.

אָבער זי איז ניט געווען גרויס, נאָר גראַדע קליין געוויקסיג. און דער פרינץ האָט זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין וואַרום ער האָט זיך פער־ליעבט אין אַזאַ קליינער פרינצעסין.

„זאָג מיר", האָט דער פרינץ געפרעגט די פרינצעסין, „זאָג מיר, ער־קלעהר מיר וואַרום איך ליעב דיך. פון מיין קינדהייט אָן האָב איך גע־זוכט נאָר גרויסע זאַכען. און יעצט האָב איך זיך פערליעבט אין דיר, וואָס טראָטץ וואָס דו ביזט שעהן און קלוג, ביזטו דאָך אַזוי קליין".

„איך וועל דיר ערקלערען", האָט די פרינצעסין געענטפערט. „גרויס־קייט ליעגט ניט אין דעם וואָס מען קען מעסטען מיט דער האַנד, אָדער

מיט דער אויג. גרויסקייט איז עפּעס אַנדערש וואָס מען קען בעגרייפען נאָר מיט דעם פערשטאַנד. געה אין דער וועלט אַריין, און געפין אויס, וואָס איז ווירקליך די גרעסטע זאַך אויף דער ערד, און ביז דו וועסט דאָס ניט אויסגעפינען קען איך ניט זיין דיין פרוי".

דער פּרינץ, וועלכער האָט די פּרינצעסין זעהר שטאַרק ליעב בעקומען, האָט געענטפערט אַז ער וועט טאָן וואָס זי פערלאַנגט פון איהם, און אַז ער וועט ניט צוריק קומען ביז ער וועט אויסגעפינען די גרעסטע זאַך אויף דער וועלט.

איז דער פּרינץ געגאַנגען און געגאַנגען ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ שטאָדט און האָט געזעהן ווי אַ רייכער מאַן טיילט עסען צו הונגעריגע.

„אָט דאָס איז די גרעסטע זאַך אויף דער וועלט", האָט דער פּרינץ געזאָגט צו זיך. „אָבער מעגליך אַז עס זיינען נאָך דאָ גרעסערע. דער רייכער מאַן האָט דאָך סאַי ווי צופיעל, טאָ וואָרום זאָל ער ניט געבען אַ טייל פון זיין פערמעגען צו די אָרימע?"

איז דער פּרינץ געגאַנגען ווייטער ביז ער האָט דערזעהן אַ מאַן געבען עסען צו אַ הונד. „אָט איז אַ גרויסע זאַך", האָט דער פּרינץ געזאָגט. „דער מאַן האָט רחמנות אויף אַ שטומע בעשעפענים. אָבער עס קענען נאָך געבען גרעסערע זאַכען".

נאָך ווייטער איז דער פּרינץ געגאַנגען, ביז ער איז אָנגעקומען צו אַן אָרימע הויז וואו עס זיינען געווען אַ מוטער מיט דרייצעהן קליינע קינדערלעך. אַ פערצעהנטע קינד איז געלעגען קראַנק אין בעט און האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען.

„גוטער מענש, העלפט מיר! מיין קינד שטאַרבט אַוועק!" האָט די מוטער געבעטען דעם פּרינץ אַז ער איז אַריינגעקומען.

„וואָס זאָרגסטו זיך?" האָט דער פּרינץ געזאָגט. „דו האָסט דאָך אַנדערע דרייצעהן קינדער".

„און דאָך פיהל איך אַז ווען דיזער קינד וועט שטאַרבען וועל איך ניט קענען לעבען אָהן איהם".

דער פּרינץ איז אַוועק און האָט געבראַכט אַ דאָקטאָר, און דער

דאָקטאָר האָט דעם קראַנקען קינד אויסקורירט און ער איז געבליבען לעבען.

„גיעב מיר אַוועק איינעם פון דיינע קינדער“, האָט דער פּרינץ געזאָגט צו דער מוטער. „דו ביזט צו אָרים זיי אַלעמען צו ערציהען“.

אָבער טראָץ איהר אָרימקייט, האָט די מוטער זיך ניט געוואָלט שיידען מיט קיינעם פון איהרע קינדער, זי האָט זיי בעטראַכט, נאָכדעם האָט זי די קינדער געפרעגט: „ווער וויל געהן מיט דיזען רייכען העררן און לעבען אין אַ רייכער הויז?“

די קינדער האָבען אַלע אַרומגערינגעלט זייער מוטער און האָבען ניט געוואָלט אָבטרעטען פון איהר.

„שרעקט זיך ניט, מיינע זיסע, ליעבע קינדערלעך, האָט די מוטער צו זיי געזאָגט, „איך וועל קיינעם פון אייך אַוועקגעבען אויף פרעמדע הענד“.

דאַן איז פּרינץ אַבנר אַוועק צו דער פּרינצעסין פון די ווייסע בערג און האָט צו איהר געזאָגט:

„מיין ליעבסטע! איך האָב אויסגעפונען די גרעסטע זאַך אויף דער וועלט. דאָס איז מוטערליעבע“.

„ריכטיג!“ האָט די פּרינצעסין געזאָגט. און זי האָט מיט דעם פּרינץ חתונה געהאַט.

---

## די פיער קלוגע מיניסטאָרען.

אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, איז אין באַגדאַד געווען אַ מלך וואָס האָט זיך גענויטיגט אין געלד. אום דאָס געלד צו קריגען האָט ער געוואָלט אַרויפלייגען אויף זיין פאָלק אַ נייעם צינז. אָבער פיער פון דעם קעניג׳ס מיניסטאָרען האָבען זיך געשטעלט געגען דעם קעניג׳ס פאָרשלאַג, און זיי האָבען געזאָגט אַז דאָס פאָלק האָט שוין גענוג צינזען צו צאָהלען, מעהר ווי דאָס פאָלק קען פאַרטראָגען, און עס וואָלט געווען אַן אונרעכט אויף זיי אַרויפצולייגען נאָך מעהר צינזען.

דער קעניג איז געוואָרען זעהר בייז אויף זיינע מיניסטאָרען דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך געשטעלט געגען איהם, און פאַר כעס האָט ער זיי אַרונטערגעוואָרפען פון זייערע שטעלען און האָט זיי געהייסען געהן פון

לאנד. די פיער מיניסטארען האבען פערלאזען די הויפט־שטאדט, וואו זיי זיינען א לאנגע צייט געווען געהויבען און געאכטעט ביי יעדען איינעם, און זיי זיינען אוועק זוכען אן ארט פאר זיך אין א פרעמדער לאנד.

אויפ׳ן וועג זיינען זיי געקומען איבער די פוס טריט פון א קעמעל. די פוס טריט האבען זיך געצויגען איבער א לאנגען וועג. באלד איז זיי אנטקעגען געקומען א סוחר און ער האט זיי געפרעגט אויב זיי האבען אויף זייער וועג געטראפען א קעמעל.

„איז ער געווען געלעהמט אויף איין פוס?" האט איין מיניסטער געפרעגט.

„האט ער געהאט א קורצען עק?" האט געפרעגט א צווייטער מי־ניסטער.

„איז ער געווען בלינד אויף איין אויג?" האט געפרעגט א דריטער.

„האט ער געליטען פון א שלעכטען מאגען?" האט געפרעגט דער פערטער.

„יא, אט דאס איז ער", האט דער סוחר געענטפערט. „דאס זיינען זיינע ריכטיגע צייכענס. איהר האט די צייכענס ריכטיג איבערגעגעבען. וואו האט איהר געזעהן מיין קעמעל?"

„מיר האבען אייער קעמעל ניט געזעהן", האבען די פיער מיניס־טארען געענטפערט, „אבער מיר גלויבען אז ווען איהר וועט נאכגעהן די פוס טריט וועט איהר אייער קעמעל געפינען".

„ניין!" האט דער סוחר אויסגעשריען. „פון די סימנים וואס איהר האט מיר געגעבען זעה איך אז איהר האט דעם קעמעל יא געזעהן. איך בין זיכער אז איהר האט איהם גענומען און פערקויפט צו אימיצען. איהר מוזט מיט מיר געהן צום קעניג. ער זאל וועגען אייך געבען זיין משפט!"

די פיער מיניסטארען האבען מיט איהם געמוזט געהן צוריק אין דער הויפט שטאדט. דער קעניג איז געווען איבערראשט צו זעהן זיינע פיער מיניסטארען צוריק קומען אונטער א שווערער קלאגע.

דער קעניג וועלכער איז געווען זעהר בייז אויף די מיניסטארען דער־פאר וואס זיי האבען איהם געוואלט שטערען זיין פלאן ארויפצולייגען

נייע צינזען, האָט דאָ געפונען אַ וועג ווי זיך אָבצורעכענען מיט זיי, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

„אויב איהר וועט זיך ניט מודה זיין און וועט ניט אומקעהרען דעם קעמעל, וועל איך אייך אַריינזעצען אין קערקער. זאָגט, וואָס האָט איהר געטאָן מיט דעם קעמעל?“

„מיר האָבען דעם קעמעל קיינמאָל געזעהן“, האָבען די פיער מיניס־טאָרען געענטפערט.

„אויב איהר האָט דעם קעמעל ניט געזעהן“, האָט דער קעניג גע־פרעגט, „טאָ ווי אַזוי האָט איהר געקענט וויסען אַז ער איז געווען גע־לעהמט אויף אַ פוס, בלינד אויף אַן אויג, געהאַט אַ קורצען עק און געלי־טען פון אַ מאָגען קראַנקהייט?“

„איך האָב באַמערקט ווי אויף דעם וועג זיינען געווען די צייכענס פון בלויז דריי פיס“, האָט איינער פון די מיניסטאָרען געזאָגט, „דערפון האָב איך געדרונגען אַז איין פוס איז ביי איהם אַ געלעהמטע“.

„איך האָב באַמערקט“, האָט דער צווייטער מיניסטער געזאָגט, „אַז די בלעטער פון די בוימער פון איין זייט וועג זיינען געגעסען געוואָרען און די בלעטער פון בוימער פון דעם אַנדער זייט וועג זיינען געבליבען אונבאַריהרט, האָב איך דערפון פאַרשטאַנען אַז דער קעמעל קען זעהן בלויז מיט איין אויג“.

„ווי איך בין געגאַנגען אין וועג“, האָט דער דריטער געזאָגט, „האָב איך געזעהן טראָפּענס בלוט אין זאַמד אויף די גראָז, האָב איך פאַרשטאַ־נען אַז דער קעמעל האָט ניט געקענט אַראָבטרייבען פון זיך די פליגען וואָס האָבען איהם געביסען“.

“איך האָב גלייך דערקענט אַז דער קעמעל ליידעט פון בויך ווייטאָג“, האָט דער פערטער געזאָגט, „ווייל די פאָדערשטע טריט זיינען געווען טיעפער אַריינגעדריקט אין דער ערד אַלס די הינטערשטע. דאָס צייגט אַז דער קעמעל האָט טיעפע אינערליכע שמערצען“.

ווען דער קעניג האָט אויסגעהערט דיזע ערקלערונגען האָט ער זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון דער חכמה פון זיינע מיניסטאָרען.

„ווען אַזעלכע פיער קלוגע מענשען האָבען מיר געראַטען אַז איך

זאָל קיין נייעם צינז ניט אַרויפליייגען", האָט דער קעניג געזאָגט, „האָב איך זיי געדאַרפט פאָלגען".

דער נייער צינז איז גלייך אַרונטער גענומען געוואָרען און די מינים־טאָרען האָבען צוריק באַקומען זייערע שטעלען.

און זייט דאַן האָט זיי דער קעניג געפאָלגט אין אַלעם.

## פון צדקה ווערט מען ניט אָרים.

אין שפּאַניען האָט אַמאָל געלעבט אַ רייכער איד און זיין נאָמען איז געווען אברהם טאָדעסקאַ. דיזער רייכער מאַן איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה. ווער עס פלעגט צו איהם קומען בעטען הילף פלעגט ער



איהם אָנשיטען אַ זאַק מיט גאָלד. אָרים פלעגען צו איהם די מענשען קומען און רייך פלעגען זיי אַוועקגעהן. ער פלעגט קיינעם ניט פרעגען קיין פראַגען, ווער נאָר עס האָט אויסגעשטעלט אַ האַנד האָט ער איהם רייך געמאַכט.

„בעסער זיי פאָרזיכטיג, מיין מאַן", האָט איינמאָל זיין פרוי צו איהם געזאָגט. „דו וועסט באַלד אַזוי צוטיילען דיין גאַנצען פאַרמעגען און ווערסט אַליין בלייבען אַן אָרימאַן".

„זאָרג זיך נים, מיין ליעבע פרוי“, האָט טאָדעסקאָ געענטפערט. „פון צדקה ווערט מען נים אָרים. און אויב אפילו איך וועל אָרים ווערען מאַכט אויך נים אוים, ווייל עס איז דאָך בעסער אַז עס זאָלען זיין פיעלע רייכע לייט, איידער בלויז איך איינער זאָל זיין אַ גביר“.

און טאָדעסקאָ האָט וויימער געטיילט זיין גאָלד צו אַלעמען, ביז עס איז געשעהן דאָס וואָס זיין פרוי האָט געזאָגט: ער איז געוואָרען אַן אָרימאַן.

„זאָרג נים מיין פרוי“, האָט טאָדעסקאָ איהר געטרייסט. „עס איז אמת אַז איך בין יעצט אָרים אין געלד, אָבער דערפאַר בין איך רייך אין פריינד. איך וועל יעצט געהן צו די מענשען וועלכע איך האָב געהאָלפען צו ווערען רייך און זיי וועלען מיר לייהען אַ ביסעל געלד ביז איך וועל צוריק קומען צו מיין פריהערדיגען שטאַנד“.

אָבער טאָדעסקאָ האָט באַלד אויסגעפונען אַז ער האָט זיך גענאַרט אין זיינע פריינד. זיי האָבען שוין אַלע געוואוסט אַז ער איז אָרים, און פיעלע האָבען אָנגעזאָגט זייערע דיענער אַז זיי זאָלען איהם נים אריינ־לאָזען צו זיי אין הויז. אַנדערע האָבען איהם געזאָגט אַז זיי האָבען ביי זיך נים קיין באַאַרעס געלד און דאַרום קענען זיי איהם נים העלפען.

מיט אַ צובראָכענעם געמיטה איז טאָדעסקאָ געגאַנגען צוריק אַהיים. ער האָט זיך געטראַכט וואָס וועט ער זאָגען זיין פרוי און וואו וועט ער נעהמען געלד איהר צו געבען אויף דער הויזהאַלטונג?

און אַזוי ווי ער איז געגאַנגען אין גאַס האָט ער געפונען אַן אָראַנזש. האָט ער דעם אָראַנזש אויפגעהויבען און מיטגענומען און איהם געבראַכט אַהיים.

„מעהר ווי דעם אָראַנזש האָסטו נים געבראַכט?“ האָט די פרוי געפרעגט.

טאָדעסקאָ האָט טרויעריג אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און געשוויגען.

זיין פרוי האָט גענומען אַ מעסער און האָט אויפגעשניטען דעם אָראַנזש.

און ווי איבעררּאשט זיינען זיי ביידע געוואָרען אַז זיי האָבען אינ־וויינינ, אין דעם אָראַנזש, געפונען צעהן טהייערע ברילּיאַנטען. יעדער

בריליאַנט איז ווערטה געווען ביי הונדערט טויזענד דאָלאַר. טאָדעסקאַ האָט די בריליאַנטען פערקויפט פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר און האָט ווידער אָנגעהויבען צו מאַכען גרויסע געשעפטען, און איז ווידער געוואָרען אַ רייכער מאַן.

ווידער האָט טאָדעסקאַ אָנגעהויבען צו געבען צדקה מיט דער פולער האַנד צו יעדען איינעם וואָס פלעגט צו איהם קומען בעטען הילף.

„מיין מאַן!" האָט איהם זיין פרוי געוואָרנט. „דערמאָן זיך ווי שלעכט עס איז אונז געווען ווען אונזער געלד איז אויסגעגאַנגען. ניט אַלע מאָל קען טרעפען אַ נס אַז מיר זאָלען געפינען אַן אָראַנזש אָנגעפילט מיט בריליאַנטען. בעסער זיי פאָרזיכטיג מיט דיין געלד און פאַרלאָז זיך ניט אויף נסים".

אָבער טאָדעסקאַ האָט זי ניט געהערט און געטיילט זעקלעך געלד צו יעדען איינעם. עס האָט גענומען אַ יאָהר צייט און ער איז ווידער געוואָרען אַן אָרימאַן.

„איך האָב יעצט אַ סך נייע פריינד", האָט ער געזאָגט, „אפשר זיינען די נייע פריינד בעסער פון די אַלטע און זיי וועלען מיר לייהען אַ ביסעל געלד, איך זאָל ווידער קענען קומען צו מיין פריהעריגען שטאַנד", האָט ער געזאָגט.

אָבער אויך די נייע פריינד האָבען זיך פון איהם דערווייטערט ווען זיי האָבען געהערט אַז ער איז געוואָרען אַן אָרימאַן.

טאָדעסקאַ איז ווידער געגאַנגען אַהיים מיט אַ צובראָכענער הארץ. אָבער ווידער האָט מיט איהם געטראָפען אַ נס: ער האָט אויפ'ן וועג געפונען אַ גרויסען קאָקאָ נוס. אַז ער האָט דעם נוס געבראַכט אַהיים און איהם געעפענט, האָט ער אין איהם געפונען צוואַנציג טהייערע שטיינער וואָס יעדער איינער פון זיי איז ווערטה געווען צו צוויי הונדערט טויזענד דאָלאַר.

און נאָכדעם ווי ער האָט די טהייערע שטיינער פאַרקויפט, האָט טאָ־דעסקאַ ווידער אָנגעהויבען צו מאַכען גוטע געשעפטען און איז געוואָ־רען נאָך פיעל רייכער ווי ער איז געווען אַמאָל.

„יעצט מיין מאַן, וועסטו שוין היטען דיין געלד", האָט זיין פרוי

געזאָגט, „נאָכדעם ווי דו האָסט שוין צוויי מאָל געהאַט אַ לעסאָן פון דיינע פריינד".

„זעהסטו ניט, מיין פרוי, אַז וואָס מעהר איך צוטייל מיין געלד אויף צדקה ווער איך אַלץ רייכער און רייכער? דאָס געלד איז ניט מיינע. איך בין בלויז אַ שליח פון גאָט דאָס געלד צו פאַרטיילען צווישען זיינע אָרימע קינדער, די שלעכטע אַזוי ווי די גוטע".

# דריי פערלאַנגענס.

אַמאָל זיינען געווען אַ יונגע פּאָאַר פאָלק וואָס האָבען געלעבט זעהר גליקליך. זיי האָבען געהאַט אַ שעהנע הויז מיט אַ שעהנעם גאָרטען, און עס האָט זיי ניט געפעהלט קיין זאַך.

אָבער אַ מענש האָט אימער נייע פערלאַנגענס, און ער קען לאַנג ניט זיין צופריעדען מיט דעם וואָס ער האָט. ער וויל אימער מעהר און מעהר, און וואָס לענגער ער לעבט אַלץ מעהר זאַכען פערלאַנגט ער צו האָבען.

אַזוי איז אויך געווען מיט דיזער פּאָאַר פאָלק. אַ לאַנגע צייט האָבען מאַן און פרוי געלעבט גליקליך. אָבער שפּעטער האָבען זיי זיך גענומען אַרומקוקען און האָבען געזעהן אַז זייערע שכנים פאַרמאָגען פיעלע זאַכען וועלכע זיי האָבען ניט, ווי פערד מיט שעהנע קערידזשעס און אָטאָמאָבילען, האָבען זיי אויך באַקומען אַ חשק צו האָבען אַזעלכע זאַכען.

און ווי מיינט איהר, קינדער, אַז ווען זיי וואָלטען שוין געהאַט פערד מיט קערידזשעס און אָטאָמאָבילען, וואָלטען זיי געווען צופריעדען? געוויס ניט! זיי וואָלטען דאַן געוואונשען צו האָבען נאָך אַנדערע זאַכען. אַ מענשענס פאַרלאַנגען זיינען אַזוי ווי געזאַלצענע וואַסער. וואָס מעהר מען טרינקט פון די וואַסער אַלץ מעהר דאָרשטיג ווערט מען.

איינמאָל, אין אָווענד, אַז די פּאָאַר פאָלק זיינען געזעסען אין הויז און גערעדט פון זייערע פאַרלאַנגען, פון די זאַכען וואָס זיי האָבען געוואָלט האָבען, איז אַריינגעפלויגען אין הויז אַ קליינער מלאך מיט ווייסע פליגלען. די פּאָאַר פאָלק האָבען זיך פאַר איהם דערשראָקען.

„שרעקט זיך ניט פאַר מיר", האָט דער קליינער מלאך'ל געזאָגט, „זייט רוהיג. איך בין געקומען אייך זאָגען דאָס אַזוי ווי איהר זייט

אומצופרידען און איהר פאַרלאַנגט צו האָבען אַ סך גוטע זאַכען, קענט איהר זיך אויסוועהלען דריי פאַרלאַנגען און איהר וועט זיי האָבען".

מאַן און פרוי האָבען זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט. זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו פאַרלאַנגען. זיי האָבען געוואָלט פאַרלאַנגען וואָס נאָר בעסערע זאַכען.

„אַלזאָ", האָט דער מלאך׳ל געזאָגט ווייטער, „איהר דאַרפט זיך גאָר ניט איילען מיר צו זאָגען היינט וואָס איהר פאַרלאַנגט. איהר האָט אַ גאַנצע וואָך צייט צו טראַכטען און זיך גוט איבערלייגען וואָס איז פאַר אייך בעסער און וויכטיגער".

די פרוי האָט געוואָלט נאָכשרייען דעם מלאך׳ל, אַז דערווייל פאַר־לאַנגט זי הונדערט בריליאַנטענע רינגען, אָבער איהר מאַן האָט איהר פאַרשטעלט דעם מויל מיט זיין האַנד און האָט געזאָגט: „מיר האָבען נאָך צייט. מיר קענען פילייכט אויסטראַכטען בעסערע פאַרלאַנגען".

דער קליינער מלאך איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

דריי טעג זיינען אַוועק אין טראַכטען, און מאַן און פרוי האָבען ניט געקענט זיך באַשליסען אויף קיין זאַך. אויף דעם פערטען טאָג, אין אָווענד, זיינען זיי ביידע געזעסען אין קיך, ביים פייער, און אויף דעם אויוועז האָט זיך אין אַ פאַן געפּרעגעלט בולבעס אין שמאַלץ. „ווי גוט וואָלט געווען", האָט די פרוי געזאָגט, „ווען צו דעם וואָלט געווען אַ שטיקעל לעבער צום פּרעגלען!"

אין דעם אויגענבליק האָט זיך באַוויזען דער קליינער מלאך מיט אַ שטיק לעבער אין האַנד. ער האָט דעם שטיק לעבער אַריינגעוואָרפען אין פאַן און געזאָגט:

„איהר האָט מיך אַביסעל אונטערגעאיילט. אָט האָט איהר אייער ערשטען פאַרלאַנג ערפילט. יעצט האָט איהר בלויז צוויי זאַכען צו ווינשען זיך".

דער מלאך׳ל איז אַוועק, און דער מאַן האָט אָנגעהויבען צו שרייען אויף זיין פרוי:

„דו, פרעסערקע, וואָס האָסטו געטהאָן? האָסט אַוועקגעגעבען אַזאַ גוטע געלעגענהייט פאַר אַ שטיקעל לעבער — אַ לעבער זאָל דיר אויפ־וואַקסען אויף דער נאָז, אָבער אַ גרויסער!"

גלייך דארויף האָט זיך ווידער באַוויזען דער קליינער מלאך מיט אַ גרויסען לעבער אין האַנד און דיזען לעבער האָט ער צוגעטשעפּעט דער פרוי אויפ'ן נאָז.

„אייער צווייטער פאַרלאַנג איז שוין אויך ערפילט געוואָרען", האָט דער מלאך געזאָגט און איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

דער לעבער, וואָס דער מלאך האָט אָנגעהאַנגען, איז דער פרוי געבליבען הייגגען אויף דער נאָז. זי האָט עס פּרובירט אָפּרייסען, אָבער זי האָט ניט געקענט. זי האָט אָנגעהויבען צו וויינען זעהר שטאַרק: „ווי וועל איך דאָס קענען איבערלעבען די שאַנדע אַזוי זיך צו צייגען פאַר מענשען? איך וועל דאָך קיינמאָל אין גאַס זיך ניט קענען ווייזען".

דער מאַן האָט געקוקט אויף זיין פרוי און האָט זיך געשראָקען פאַר איהר. דער לעבער איז איהר געהאַנגען פאַר דער נאָז און האָט איהר פאַרשטעלט דעם מויל. זי האָט אויסגעזעהן שרעקליך.

„וואָס זאָלען מיר יעצט טהאָן?" האָט דער מאַן געפרעגט. „מיר האָבען בלויז איין פאַרלאַנג צו בעטען. זאָלען מיר בעטען אַ גרויסען קאַסטען מיט גאָלד, אָדער זאָלען מיר בעטען אַז דער מלאך זאָל צונעהמען דעם לעבער ביי דיר פון דער נאָז?"

„וואָס טויג אונז גאָלד, וואָס טויג אונז ברילויאַנטען?" האָט די פרוי געקלאָגט, „אַז מיר וועלען ביידע זיין אונגליקליך אָט מיט דיזען לעבער ביי מיר אויף דער נאָז. לאָמיר בעסער פאַרלאַנגען אַז דיזע שרעקליכע זאַך זאָל ביי מיר אַרונטערגענומען ווערען פון געזיכט".

„איך פאַרלאַנג", האָט דער מאַן געזאָגט, „אַז דער לעבער זאָל אַראָפּ פון מיין פרוי'ס געזיכט".

און באַלד איז דער לעבער אַרונטערגעפאַלען ביי דער פרוי פון דער נאָז און זי איז ווידער געוואָרען אַזוי שעהן ווי געוועזען.

זייט דאַן האָבען מאַן און ווייב געלעבט גליקליך, האָבען מעהר ניט פאַרלאַנגט קיין זאַך, זיינען געוועזען צופרידען מיט דעם וואָס זיי האָבען געהאַט, און האָבען קיינעם ניט מקנא געוועזען.



# נקדימון בן גוריון

אַמאָל, ווען די אידען האָבען געלעבט אין זייער אייגענעם לאַנד, אין ארץ ישראל, פלעגען זיי דריי מאָל אַ יאָהר געהן נאָך ירושלים, דאָס איז געווען אין די דריי פייערטעג פסח, שבועות און סכות. פון גאַנצען לאַנד פלעגען זיי זיך צוזאַמענקומען אין דער הייליגער שטאָדט אום זיך דאָרט צו פרעהען אין די ימים טובים, און צו הערען די שעהנע געזאַנגען פון די לוים אין בית המקדש.

איינמאָל האָט געטראָפען אַז ווען די טויזענדער געסט זיינען געקו־מען צו פאַרברענגען יום טוב, איז אין ירושלים אויסגעגאַנגען די וואַסער פון די ברונענס. אין ירושלים טרינקט מען נאָך היינט אויך רעגען־וואַסער וואָס קלייבט זיך אָן אין ברונענס. און ווען די ברונענס האָ־בען זיך אויסגעליידיגט האָט קיינער ניט געהאַט וואָס צו טרינקען, און דאָס פאָלק, די איינוואוינער אַזוי ווי די געסט, האָבען געשמאַכטעט פאַר דאָרשט.

צו יענער צייט האָט אין ירושלים געלעבט אַ גרויסער אידישער מאַן, נקדימון בן גוריון האָט ער געהייסען, און ער איז געווען זעהר רייך און אַ גרויסער בעל צדקה. און ווען ער האָט דערהערט פון דעם אונגליק און אין וואָס פאַר אַ געפאַהר ירושלים געפינט זיך, איז ער אַוועק צו אַ רייכען רוימער וואָס האָט דאַן געלעבט דאָרט, און ער האָט צו איהם געזאָגט: „דו האָסט אַזוי פיעל ברונענס, טאָ באָרג מיר צוועלף פון דיינע ברונענס און איך וועל דיר אָפּגעבען צוועלף אַנדערע ברונענס צו דער צייט וואָס דו וועסט אַליין באַשטימען“.

„און ווי איז אַז דו וועסט ניט קענען אָבגעבען?“ האָט דער רוימער געפרעגט.

„וועל איך דיר פאַר די צוועלף ברונענס אָבגעבען 12 צענטער זילבער.״

דער רייכער רוימער האָט באַשטימט דעם טערמין און דער אָב־מאַך איז פאַרשריבען געוואָרען געזעצליך.

ווען עס איז געקומען דער טאָג פון דעם טערמין, האָט זיך דער רוימער געפרעהט. אין לאַנד האָט נאָך אַלץ געהערשט אַ גרויסע טרי־

קעניש. די צוועלף ברונענס וואַסער וואָס נקדימון בן גוריון האָט ביי איהם געליהען זיינען אויסגעשעפּט געוואָרען און קיין אַנדערע האָט ער ניט געהאַט צו געבען. אַלזאָ, וועט דער איד איהם מוזען באַצאָהלען צוועלף צענטער זילבער.

גאַנץ פריה האָט דער רוימער געשיקט זיינעם אַ שליח צו נקדימון בן גוריון און האָט פון איהם געפאָדערט די צוועלף צענטער זילבער.

„דער טאָג איז נאָך גרויס“, האָט נקדימון געענטפערט, „דער טער־מין איז נאָך ניט אויסגעגאַנגען“.

דער שליח איז אַוועק און האָט די ווערטער איבערגעגעבען צו זיין האַר.

דער האַר האָט געהערט דעם ענטפער און האָט געלאַכט.

„וואָס איז דער אונטערשיעד?“ האָט דער רוימער געזאָגט צו זיך. „ער וועט מיר דאָס געלד באַצאָהלען שפּעטער“.

מיטאָג צייט האָט דער רייכער רוימער ווידער געשיקט זיין שליח צו נקדימון בן גוריון און געפאָדערט אַז ער זאָל באַצאָהלען די צוועלף צענטער זילבער.

עס איז דאָך ערשט מיטאָג צייט,“ האָט נקדימון געענטפערט. „דער טערמין האָט זיך נאָך ניט געענדיגט“.

און דער שליח איז ווידער אַוועק צו זיין האַר און האָט איהם אי־בערגעגעבען די רייד פון נקדימון.

„איך וועל שוין וואַרטען נאָך אַ ביסעל“, האָט דער רוימער געזאָגט. „אָבער היינט מוז איך האָבען מיין געלד“.

פאַרנאַכט האָט דער רוימער געשיקט זיין שליח און האָט איהם געזאָגט: „יעצט וועט ער דיר זיכער געבען די צוועלף צענטער זילבער“.

„אָבער דער שליח איז צוריק געקומען מיט ליידיגע הענד.

„וואָס? ער האָט ניט באַצאָהלט?“ האָט דער רוימער מיט כעס אויסגערופען.

„ער זאָגט אַז דער טאָג איז נאָך ניט אַריבער און דאַרום האָט ער נאָך צייט“, האָט דער שליח געענטפערט.

וועל איך שוין ווארטען נאָך אַ שטונדע, האָט דער רוימער געזאָגט און איז אַוועק אין באָד.

און נקדימון, זעהענדיג אַז דער טאָג ענדיגט זיך און ער וועט באַלד מוזען באַצאָהלען די גרויסע סומע געלד, איז ער אַוועק אין בית המקדש און האָט געזאָגט אַ שטילע געבעט, אַ געבעט פאַר רעגען, אַז די ברונענס זאָלען אָנגעפילט ווערען, און דאָס פאָלק זאָל שוין אויפהערען צו ליידען דאָרשט, און ער זאָל ניט דאַרפען אַוועקגעבען אַזוי פיעל רייכטהום צו איינעם וואָס האָט דאָס ניט פאַרדיענט.

אין אַ מינוט אַרום איז דער הימעל פאַרדעקט געוואָרען מיט שווערע דיקע וואָלקענס. עס האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסער שלאַקס רעגען. די גאַסען זיינען פאַרפלייצט געוואָרען און אַלע ברונענס זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט וואַסער.

מיט אַ רוהיגען האַרצען איז נקדימון אַרויס פון טעמפעל. דער רעגען האָט שוין אויפגעהערט, אָבער די וואָלקענס האָבען נאָך אַלץ פאַרשטעלט דעם הימעל און עס איז געווען פינסטער, אַזוי ווי נאַכט.

געהענדיג אין גאַס האָט נקדימון בן גוריון זיך באַגעגענט מיט דעם רוימער. „וואו זיינען מיינע צוועלף צענטער זילבער?" האָט דער רוימער געפרעגט.

איך קען דיר צוריקגעבען דיינע צוועלף ברונענס מיט וואַסער, האָט נקדימון געענטפערט. „זיי זיינען אַלע פול געוואָרען".

דער רוימער האָט אַ מינוט געטראַכט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

„אָבער עס איז שוין נאַכט. דער טערמין האָט זיך שוין געענדיגט איידער די ברונענס זיינען פול געוואָרען מיט וואַסער".

„ניין, עס איז נאָך ניט נאַכט", האָט נקדימון געזאָגט. „וואַרט נאָר אויס אַ קליינע ווילע, וועל איך דיר צייגען אַז עס איז נאָך טאָג".

נקדימון איז צוריק אַריין אין טעמפעל און דער רוימער איז געבליבען וואַרטען אין גאַס. נקדימון האָט אין טעמפעל ווידער געזאָגט אַ געבעט. די וואָלקענס האָבען זיך צושפרייט, דער הימעל האָט זיך אויסגעלייטערט און די אונטערגעהענדע זון האָט זיך באַוויזען. עס איז נאָך געווען טאָג.

דער רוימער האָט צוריק באַקומען זיינע צוועלף ברונענס מיט וואַסער.

## דער בעטלער און דער קעניג

אַ בעטלער איז אַרומגעגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט מיט זיין זאַק אויפ'ן פלייצע. וואו ער האָט גענעכטיגט האָט ער ניט געטאָגט. און אַזוי לאַנג האָט ער אַרומגעוואַנדערט ביז ער איז איינמאָל געקומען אין אַ גרויסער שטאָדט, פון אַ ווייטער לאַנד, און די שטאָדט איז געווען זעהר אַ רייכע און אַ פרעהליכע. איבעראַל האָט דער בעטלער



געזעהן שעהנע, גרויסע פּאַלאַסטען פון מאַרמאָר געבוים און מיט גאָלדענע קופּאָלען אויף זיי.

„אַי, ווי גוט וואָלט געווען צו נעכטיגען אין איינעם פון דיזע פּאַלאַסטען!" האָט דער בעטלער צו זיך געזאָגט.

ער האָט גענומען געהן פאַרביי פאַרשידענע פּאַלאַסטען, און ווען ער האָט געזעהן איינעם וואָס איז געווען שעהנער און גרעסער פון אַלע האָט ער זיך אַהין שטילערהייד אַריינגערוקט, און איז אַריין אינוועניג.

דאָס איז געווען דער פּאַלאַסט פון דעם קעניג. אַ גרויסער, אַ

מעכטיגער קעניג איז דאָס געווען. זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט איבעראַל, און קעניגע פון אַנדערע לענדער האָבען פאַר איהם מורא געהאַט.

דער בעטלער איז אַריין אין אַ צימער. קיינער האָט איהם געזעהן אַריינקומען. דער קעניג איז גראַדע אין יענער צייט געווען אויף יאַגד, און זיינע דינער האָבען זיך דערווייל אָבגערוהט און ניט שטאַרק אַכ־טונג געגעבען אויפ׳ן פּאַלאַסט.

אין דעם צימער, וואוהין דער בעטלער איז אַריין, איז געווען אַ בעטעל. דער בעטלער האָט געעפענט זיין זאַק, און האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ שטיק טרוקען ברויט. ער האָט זיך אָנגעגעסען, און נאָכדעם האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין דעם בעטעל, און איז באַלד איינגעשלאָפען. אין זיין גאַנצען לעבען איז ער נאָך אויף אַזאַ ווייכען בעטעל ניט געשלאָפען. ביז יעצט פלעגט ער שלאָפען אַמאָל אין אַ שטאַל, און אַמאָל גאָר אויפ׳ן פרייען פעלד.

ער האָט גאָר ניט געוואוסט אַז ער שלאָפט אין אַ קעניגליכען פּאַ־לאַסט. ער האָט געמיינט אַז די הויז געהערט צו אַזוי אַ רייכען מאַן. לאַנג שלאָפען האָט ער ניט געקענט, ווייל קוים האָט ער אָבגעשלאָפען אַ האַלבע שטונדע, האָט ער דערפיהלט אַ שטאַרקען קלאַפּ אין זייט. דאָס האָט איהם געשלאָגען איינער פון דעם קעניג׳ס דינער, וועלכער איז גראַדע אַריינגעקומען און האָט דעם בעטלער געפונען דאָרט שלאָפען.

„דו געמיינער בעטלער, דו!“ האָט דער דינער אויסגערופען. „ווי אַזוי האָסטו זיך געוואַגט מיט דיינע שמוציגע פיס אַריינצוטרעטען אין דעם פּאַלאַסט פון אונזער ליכטיגען הערשער? שוין אַרויס פון דאַנען, דו אויסוואורף! געה אַרויס, איידער איך וועל געבען צו וויסען דעם קעניג, וועט ער הייסען דיך היינגען“.

דער בעטלער האָט אויסגעריבען זיינע פאַרשלאָפענע אויגען, אָבער ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דער דינער האָט וויטער גענומען שרייען, אָבער דער בעטלער האָט זיך פאַר איהם ניט געשראָקען. „איך וועל פון דאַנען ניט אַרויסגעהן“, האָט ער געזאָגט. „וואו איך וועל זיך ניט גוט אויסרוהען פון מיין וועג. לאָז מיך שלאָפען“.

און דער בעטלער האָט זיך ווידער אויסגעצויגען אין דער ווייכער בעט.

דער דינער האָט דעם בעטלער אַראָפּגעשלעפּט פון בעט און געוואָלט איהם אַרויסטרייבען מיט גוואַלד, אָבער דער בעטלער האָט זיך ניט געלאָזט טרייבען, און דיביידע האָבען זיך אַזוי לאַנג געראַנגעלט און געשריען, ביז די גאַנצע דינערשאַפט און די וועכטער פון פּאַלאַסט זיינען אָנגעלאָפען. און דער קעניג, וועלכער האָט אויך דערהערט דעם גרויסען רעש, איז אויך אַריינגעקומען אין דעם צימער צו זעהן וואָס דאָ טוט זיך.

„וואָס טוט זיך דאָ?" האָט דער קעניג געפרעגט, אַריינקומענדיג.

„אָט דער בעטלער", האָט דער דינער געענטפערט, „איז אַריינגעקומען אין דעם קעניג'ס פּאַלאַסט, האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט און וויל ניט אַרויסגעהן".

דער קעניג איז שטאַרק בייז געוואָרען אויף דעם בעטלער און האָט אויף איהם אָנגעשריען: „זאָג מיר, צו וואָס און צו ווען ביזטו אַהער געקומען?"

„איך בין אַהער אַריין זיך אָבצורוהען פון מיין וועג, דען איך בין געוועזען זעהר מיעד און זעהר שלעפעריג", האָט דער בעטלער געענטפערט.

„ווייסטו דען ניט אַז דאָס איז קיין גאַסט־הויז", האָט דער קעניג געזאָגט. „ניט אַנדערש, אַז דו ביזט אַהער געקומען צו מאַכען שפּאַס פון מיר. וואַרט, איך וועל דיר צייגען וואָס עס הייסט מאַכען שפּאַס פון אַ קעניג".

עס איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען צו מאַכען שפּאַס פון דיר", האָט דער בעטלער געענטפערט. „אָבער איך פאַרלאַנג פון דיר, גרויסער הערשער, אַז דו זאָלסט מיר געבען אַן ענטפער אויף מיינע דריי פראַגען".

„פרעג", האָט דער קעניג געזאָגט.

„זאָג מיר, גרויסער און מעכטיגער הערשער, ווער האָט דאָ אין דעם פּאַלאַסט געוואוינט פריהער פון דיר?"

„מיין פאָטער", האָט דער קעניג געענטפערט.

„און ווער האָט געוואוינט פריהער פון דיין פאָטער?"

„מיין זיידע“.

„און ווער וועט דאָ וואוינען נאָך דיר?“

„מיין זוהן“.

„אויב אַזוי“, האָט דער בעטלער געזאָגט, האָב איך דאָך רעכט גע־האָט וואָס איך האָב דעם פּאַלאַסט אויסגעקליבען פאַר אַ נאַכטלעגער. דען איז דאָס ניט אַן איינפאָהר־הויז פאַר געסט? ניט אויף אייביג פאַר־בלייבען די איינוואוינער פון דעם פּאַלאַסט. די געהען אַוועק און אַנדערע קומען אויף זייער פּלאַץ. נו, זאָג אַליין, גרויסער הערשער, האָב איך קיין רעכט צו פאַרבלייבען איבער אַ נאַכט?“

דעם בעטלער׳ס רייד זיינען גוט אַריין דעם קעניג אין קאָפּ, און ער האָט איהם געלאָזט איבערנעכטיגען אין פּאַלאַסט און אויף מאָרגען, אַז דער בעטלער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט איהם דער קעניג מיטגעגעבען שעהנע מתנות.

---

## די וואונדערליכע קליידער

עס איז אַמאָל געווען אַ מלך וואָס האָט זעהר ליעב געהאַט שעהנע קליידער. זיין גאַנצע צייט פלעגט ער אָבגעבען אויף פּוטצען זיך, און אויף זוכען שעהנע שטאָפען פאַר מלבושים. אין יעדער לאַנד אויף דער ערד־קוגעל האָט ער געהאַט אַגענטען וואָס האָבען פאַר איהם גע־זוכט די פיינסטע קליידער שטאָפען וואָס יעדע לאַנד האָט פּראָדוצירט.

איינמאָל זיינען צום קעניג געקומען צוויי שווינדלער, וואָס האָבען זיך פאָרגעשטעלט אַלס וועבער, און זיי האָבען געזאָגט:

„גרויסער קעניג! מיר זיינען אין שטאַנד צו וועבען פאַר דיר אַזאַ שטאָף וואָס איז שעהנער און רייכער פון אַלעם וואָס איז ווען אַרויף אויף דיין קערפּער ביז היינטיגען טאָג. און דער שטאָף האָט נאָך אַ מעלה, און דאָס איז, וואָס ער איז אונזיכטבאַר. קיינער קען דעם שטאָף ניט זעהן, סיידען ער איז אַ פעהיגער מענש און מיט שכל“.

„אַזאַ שטאָף איז פאַר מיר זעהר נויטיג“, האָט דער קעניג געענט־פערט, „ווייל מיט אַזאַ שטאָף וועל איך קענען אויספּרובירען אַלע מיינע דינער און בעאַמטע פון לאַנד. איך וועל וויסען ווער פון זיי האָט שכל

און ווער ניט. ווער איז פעהיג פאַר זיין אַמט און ווער ניט. אַלזאָ, איך נעהם אָן אייער פאָרשלאַג און וועל אייך לאָזען פאַר מיר וועבען די וואונדערליכע קליידער״.

דער מלך האָט די וועבער אָבגעגעבען אַ גרויסען צימער צו אַרביי־טען און צוויי וועב־מאַשינען. ער האָט זיי אויך געגעבען אַ גרויסען זאַק מיט זיידענע און גאָלדענע פאָדים צו וועבען פון דעם די וואונדער־ליכע שטאָף. די שווינדלער האָבען די זיידענס מיט די גאָלד באַהאַלטען, און זיי האָבען זיך געמאַכט ווי זיי אַרבייטען פלייסיג אויף די לעדיגע וועב מאַשינען.

דריי טעג שפּעטער האָט דער קעניג געשיקט זיין פינאַנץ מיניסטער צו זעהן ווי די אַרבייט געהט צו. דער קעניג האָט טאַקע פאַר איין זאַך געוואָלט פּרובירען זיין מיניסטער, אויב ער האָט שכל און פעהיג־קייטען צו זעהן די וואונדערליכע שטאָף. דער מיניסטער איז געקומען און האָט געזעהען אַז די וועבער דרעהען מיט די הענד איבער ליידיגע וועב מאַשינען און קיין שטאָף האָט ער ניט געזעהן. האָט זיך דער פי־נאַנץ מיניסטער דערשראָקען. ער האָט זיך געטראַכט: „איך מוז זיין אַ מענש אָהן שכל און ניט פעהיג פאַר מיין אַמט, זאָנסט וואָלט איך דאָך געקענט זעהן דעם שטאָף וואָס זיי וועבען״.

„נו״, האָט איינער פון די שווינדלער געפרעגט דעם פינאַנץ מי־ניסטער, „ווי געפעלט אייך דער שטאָף וואָס מיר וועבען פאַר דעם קעניג?״

„גרויסאַרטיג״, האָט דער פינאַנץ מיניסטער געענטפערט, און גענו־מען כלומר׳שט טאַפּען די שטאָף, וועלכע איז אויף דער וועלט ניט גע־ווען. „אַזאַ שטאָף האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געזעהן. וואָס פאַר אַ פּראַכטפאָלע קאָלירען! וואָס פאַר אַ פּראַכטפאָלער גע־וועב! מיין קעניג וועט עס מאַכען פיעל פערגעניגען״.

„טאָ זייט אַזוי גוט און זאָגט אייער קעניג אַז עס פעהלט אונז אוים מאַטעריאַל״, האָבען די שווינדלער געזאָגט.

דער פינאַנץ מיניסטער איז אַוועק און האָט אָבגעגעבען זיין בעריכט צום מלך.

דער מלך האָט זיך שטאַרק געפרעהט און ער האָט גלייך געשיקט די וועבער מעהר זייד און מעהר גאָלדענע פאָדים. נאָכדעם האָט ער געהייסען זיין שני למלך, ער זאָל אויך געהן אַ קוק טאָן אויף דער אַר־בייט פון די וועבער.

מיט דעם שני למלך איז געווען די זעלבע זאַך ווי מיט דעם פינאַנץ מיניסטער. ער איז אַריינגעקומען און האָט געזעהן ווי די וועבער פּיה־רען מיט די הענד אויף די וועב מאַשינען, אָבער קיין שטאָף האָט ער ניט געזעהן, האָט ער זיך געשעמט צו זאָגען אַז ער זעהט ניט, און ווען די שווינדלער האָבען איהם געפרעגט, וואָס ער דענקט וועגען די שטאָף וואָס זיי וועבען, האָט ער פאַרגלאָצט די אויגען, און אויסגערופען:

„אַזאַ ערהאַבענע קונסט־שטיק איז איבער אַלע ערוואַרטונגען! נאָר פאַר אַזאַ גרויסען און מעכטיגען קעניג פּאַסען זיך אַזעלכע קונסט־פאָלע קליידער. איך גראַטוליר אייך מיט אייער גרויסען ערפאָלג, און איך וועל זאָגען דעם קעניג אַז ער זאָל אייער באַצאָהלט פארדאָפּלען".

„מיר דאַנקען אייך פאַר די קאָמפּלימענטען", האָבען די שווינדלער געענטפערט. „מיר בעטען אייך, זאָגט דעם קעניג אַז מיר דאַרפען האָבען מעהר זיידענע און גאָלדענע פאָדים".

נאָכדעם, אַז דער קעניג האָט געהערט דעם גוטען באַריכט פון זיין שני למלך, איז ער אַליין אַוועק צו די וועבער, אַ קוק צו טאָן אויף די וואונדערליכע שטאָף. און ווען דער קעניג איז אַריינגעקומען און האָט געזעהן ליידיגע וועב־מאַשינען, האָט ער זיך פאַרשעמט, און אין האַר־צען האָט ער זיך געטראַכט: „איך מוז אַליין זיין אָהן אַ ברעקעל שכל, זאָנסט וואָלט איך דאָך געקענט זעהן די וואונדערליכע שטאָף וואָס זיי וועבען. עס איז אָבער גלייכער אַז קיינער זאָל ניט וויסען דאָס איך זעה ניט, אַז ניט וועט דאָס פאָלק מיך אַראָבוואַרפען פון מיין קעניגליכען שטוהל".

האָט דער קעניג אויך גענומען לויבען, ריהמען און באַוואונדערן די שטאָף וועלכע ער האָט גאָר ניט געזעהן.

עס איז געקומען דער טאָג ווען די שווינדלער האָבען געמעלדעט דעם קעניג אַז די קליידער זיינען שוין פאַרטיג. דער קעניג האָט באַ־

שטימט אַז אין דעם טאָג זאָל זיין אַ גרויסע פּראָצעסיאָן אין דער הויפּט־שטאָדט, און אַז ער זאָל מאַרשען מיט אַלע זיינע מיניסטאָרען און גענע־ראַלען איבער די גאַסען, אום דאָס פאָלק זאָל איהם קענען אָנקוקען אין די וואונדערליכע קליידער. און אַז עס איז געקומען דער טאָג פון דער פּראָצעסיאָן, זיינען אַלע גאַסען געווען פול געפּאַקט מיט מענשען וועלכע האָבען זיך אויסגעשטעלט צו זעהן זייער קעניג אין זיין גרעסטען פּראַכט און גלאַנץ. די פּראָצעסיאָן האָט זיך געצויגען פאַר פינף מיילען לאַנג. פאָראויס איז געגאַנגען דער קעניג אונטער אַ חופּה, נאָך איהם זיינע מי־ניסטאָרען, נאָכדעם די גענעראַלען און נאָכדעם די גרעסטע לייט פון לאַנד און נאָך זיי די סאָלדאַטען. און וואו דער קעניג איז דורכגעגאַנגען האָבען מענשען מיט באַוואונדערונג אויסגערופען: „וואָס פאַר אַ פּראַכט־פאָלע קליידער! ווי שעהן, ווי הערליך זיי קליידען אונזער הערשער! זיי ליעגען אויף איהם ווי אויסגעגאָסען!“

אָבער צווישען די מענשען האָט זיך געפונען איינער אַ שמיעד, אַן איינפאַכער מענש, וועלכער האָט אונשולדיגערהייד באַמערקט: „דאַכט מיר, אַז דער קעניג געהט אָהן זאָקען“.

„אמת טאַקע“, האָט געזאָגט אַ שניידער וואָס איז געשטאַנען נעבען שמיעד, „און מיר דאַכט אויך, אַז ער טראָגט ניט קיין וועסטעל און קיין ראָק“.

„דאַכצעך ער געהט גאָר אַ נאַקעטער“, האָט באַמערקט אַ שוסטער.

פון מויל צום אויער זיינען געגאַנגען דיזע באַמערקונגען, ביז עס האָט זיך אויפגעהויבען אַן אַלגעמיינער געשריי פון גאַנצען עולם: „דער קעניג געהט גאָר אַ נאַקעטער! אַ נאַקעטער ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט!“

און ווען די מיניסטאָרען מיט די גענעראַלען האָבען דערהערט דעם געשריי פון פאָלק, האָבען זיי זיך גענומען בייזערען: „עולם! גולם! איהר האָט דאָך קיין שכל ניט! ווי קומט איהר צו זאָגען אַ מיינונג איבער קונסט?“ אָבער דער בייזערען האָט זיי ניט געהאָלפען. דער קעניג האָט פאַרשטאַנען אַז דער עולם האָט רעכט, און ער איז אַריינ־

געלאָפּען אין דער נאָהנטסטער הויז און געוואַרט ביז מען האָט איהם געבראַכט עפּעס צו פאַרדעקען זיין נאַקעטקייט.

---

## דער קליינער פידעל שפּיעלער

אין אַ הויז, אין אַ גרויסער שטאָדט, האָט געוואוינט אַ מוטער מיט איהר איינציג קינד, אַ מיידעלע. דער פאָטער פון דער מיידעל פלעגט אַוועקגעהן פון דער היים גאַנץ פריה און פלעגט קומען ערשט מיט׳ן אָווענד.

איינמאָל, אַז די מוטער און די קליינע מיידעלע, וועמעס נאָמען איז געווען מרים, זיינען געזעסען ביים פענסטער און האָבען אַרויסגעקוקט אין הויף, וואו עס האָבען זיך געשפּיעלט קליינע קינדער אין שנעע, און געמאַכט אַ מענשעלע, איז געקומען אַ קליינער אינגעל מיט אַ פּיע־דעל אין האַנד און האָט גענומען שפּיעלען אַ שעהנעם ניגון. און אַז ער האָט דעם ניגון געענדיגט האָט ער אָנגעהויבען צו שפּיעלען נאָך אַ שעהנערען, און נאָכדעם, אַז ער האָט דעם צווייטען ניגון געענדיגט, האָט ער אַראָבגענומען זיין היטעל און האָט געוואַרט ביז אימיצער וועט איהם אַרונטערוואַרפען עפּעס געלד. באַלד איז פון דעם פענסטער אין וועלכען מרים און איהר מוטער האָבען אַריינגעקוקט, געפאַלען אַ צוזאַמענגעלייגטער פּאַפּירעל, און אין דעם איז געלעגען אַ גאַנצער פינף־סענט שטיק.

דער אינגעל האָט זיך פאַרנייגט און געדאַנקט. דאַן האָט ער גע־זעהן ווי די קליינע מרים באַגריסט איהם מיט איהר קליינע הענטעל. דער אינגעל האָט מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען גענומען שפּיעלען נאָך אַ ליעד, און דאָס איז געווען ניט אַ פרעהליכער ניגון, ווי די פריי־הערדיגע, נאָר אַן אומעדיגער.

מרים האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר מוטער און געפרעגט:

„מוטער! פאַר וואָס האָט די פיעדעל פריהער געלאַכט און יעצט וויינט עס?“

„דאָס איז“, האָט די מוטער ערקלערט, „ווייל דער אָרימער פיעדעל שפּיעלער האָט ניט קיין מאַמען“.

אויף מאָרגען איז דער קליינער פּיעדעל שפּיעלער ווידער געקומען מיט זיין פּיעדעל און האָט געשפּיעלט אין הויף. מרים האָט זיך ווי־דער צוגעהערט און זיך פאַרטראַכט. זי האָט נאָכדעם אַ גאַנצען טאָג געטראַכט פון דעם קליינעם פּיעדעל שפּיעלער.

אויף דעם דריטען טאָג האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסער שטורעם. אַ געדיכטער שנעע איז געפאַלען און דער ווינד האָט געריסען די דעכער פון די הייזער.

„מוטער", האָט מרים געפרעגט, „דענקסטו אַז היינט וועט ער אויך קומען, דער קליינער מוזיקאַנט?"

„ניין, מיין קינד, ניט אין אַזאַ וועטער ווי היינט", האָט די מוטער געענטפערט.

„אָבער דער אינגעל איז דאָך געקומען. ער איז געקומען שפּעטער ווי די ערשטע צוויי טעג און ער איז געווען פאַרשאָטען מיט שנעע.

„זעה, מוטער, ווי קאַלט ער זעהט אויס", האָט מרים געזאָגט. „ער מוז זיין פאַרפראָרען. לאָמיר איהם אַריינרופען אין הויז זיך אָנוואַרי־מען".

די מוטער האָט אַ שמייכעל געטאָן. זי איז צוגעגאַנגען צום פענס־טער און האָט געהייסען דעם אינגעל אַריינקומען אין הויז. דער אינגעל האָט געפאָלגט. און עס איז געווען זעהר גוט וואָס ער האָט געפאָלגט. דען ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען, האָט איהם מרים באַגריסט און געפרעגט אויב עס איז איהם זעהר קאַלט, און איהר מוטער האָט איהם געהאָלפען אַרונטערציהען זיין אַלטען צוריסענעם רעקעל, זי האָט איהם אַוועקגעזעצט ביים טיש און געגעבען צו טרינקען וואַרימע מילך און פּוטער ברויט צו עסען.

און אַז דער אינגעל האָט זיך אָנגעוואַרעמט און ער האָט געשטילט זיין הונגער, האָט ער גענומען זיין פּיעדעל אין האַנד און האָט אויף דעם גענומען שפּיעלען אַזאַ שעהנעם ניגון וואָס מרים האָט נאָך קיינמאָל געהערט.

און אַזוי פלעגט דער קליינער פּיעדעל שפּיעלער קומען יעדען טאָג. ער פלעגט צוערשט אָבשפּיעלען אין הויף, און נאָכדעם אַז מרים׳ס

מוטער פלעגט איהם אַרויפרופען, פלעגט ער אַריינקומען אין הויז און שפּיעלען פאַר מרים'ן, נאָכדעם ווי ער פלעגט געניסען עפּעס שפּייז.

איינמאָל האָט געטראָפען אַז דער אָרימער אינגעל איז אין גאַנצען נים געקומען. מרים איז געוואָרען זעהר אומרוהיג. איהר מוטער האָט איהר געטרייסט, אַז ער וועט קומען אַ טאָג שפּעטער. ער איז אָבער נים געקומען, נים אויף דעם צווייטען טאָג און נים אויף דעם דריטען. און אַז עס איז אַריבער אַ גאַנצע וואָך און ער איז נים געקומען, האָבען מרים און איהר מוטער אָנגעהויבען צו גלויבען אַז דעם פיעדעל שפּיעלער איז אַן אונגליק געשעהען, און אַז ער וועט שוין מעהר נים קומען.

און איינמאָל, ווען מרים'ס פאָטער איז בייַנאַכט געזעסען אין דער היים, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

„וואָרום איז אונזער מרים אַזוי אומעדיג?"

האָט איהם די מוטער דערצעהלט פון דעם קליינעם פיעדעל שפּיעלער וואָס פלעגט קומען יעדען טאָג און איז נאָכדעם פּלוצלונג פאַרשוואונדען געוואָרען.

דער פאָטער האָט אויך געטרייסט מרים'ען, אָבער זי האָט זיך נים געקענט טרייסטען. עס זיינען אַוועק וואָכען, חדשים, אַ גאַנצער יאָהר, און מרים פלעגט יעדען פריהמאָרגען קוקען אין פענסטער צום הויף, טאָמער קומט דער פיעדעל שפּיעלער.

ער איז אָבער נים געקומען.

און מרים איז דערווייל געוואַקסען און איז געוואָרען עלטער און גרעסער. זי איז שוין געווען אַ גרויסע פריילין און אַלע האָבען איהר געליעבט פאַר איהר שעהנקייט און גוטסקייט.

אָבער ווער עס האָט זי געזעהן, אפילו צום ערשטען מאָל, האָט גלייך געקענט באַמערקען, אַז די שעהנע, קלוגע און גוטע פריילין איז זעהר אומעטיג און אַז צייטענווייז רייסט זיך אַרוים אַ זיפץ ביי איהר פון האַרצען.

וואָס גרעסער און עלטער מרים איז געוואָרען, אַלץ אומעטיגער און בלאַסער האָט זי אויסגעזעהן. איהרע עלטערען זיינען געוואָרען

שטארק באזארגט וועגען איהר, און זיי האבען זיך בעראטען מיט א דאקטאר.

„זי איז ניט קראנק“, האט דער דאקטאר געזאגט, „נאר זי ליידט פון א בענקשאפט וואס מאכט איהר פיהלען זעהר אומעטיג“.

איינמאל איז מרים שטארק קראנק געווארען און האט געמוזט ליעגען אין בעט.

עס איז געווען א שעהנער פריהמארגען. מרים איז געזעסען אין בעט און געגעסען דעם פריהשטיק וואס איהר מוטער האט פאר איהר געבראכט. פלוצלונג האט זיך דערהערט פון הויף א שפיעלען פון א פיעדעל. מרים האט גענומען זיך צוהערען.

דער ניגון איז איהר געווען זעהר באקאנט. זי האט א שמייכעל געטאן, און גלייך האט זי גענומען פיהלען קרעפטיגער. זי איז ארונטער פון בעט, איז צוגעגאנגען צום פענסטער און זי האט דארט דערקענט דעם פיעדעל שפיעלער. ער איז אבער שוין ניט מעהר געווען א קליי־נער אינגעל, נאר אן ערוואקסענער מאן און איז געווען געקליידט זעהר רייך.

באלד איז ער ארייגעקומען אין הויז און האט דערצעהלט זיין געשיכטע. א רייכער מאן האט מיט איהם מיטלייד באקומען און האט איהם געשיקט לערנען שפיעלען אין א גרויסער שולע אין איירָאפּא. און ער האט ביי זיך אבגעמאכט אז ווען ער וועט אויסשטודירען און ווערען א גרויסער קינסטלער, דאן וועט ער קומען און איבערראשען די מענשען וואס זיינען געווען גוט צו איהם, אין דער צייט ווען ער איז געווען אן ארימער אינגעל.

מרים איז געזונד געווארען, און שפעטער האט זי מיט דעם פיעדעל שפיעלער חתונה געהאט.



# אבא חלקיה

אַמאָל האָט אין ארץ ישראל געלעבט אַ מאַן מיט דעם נאָמען אַבא חלקיה. ער איז געווען זעהר אַ פרומער און אַ קלוגער מאַן. אָבער ער איז געווען זעהר אָרים, און האָט געאַרבייט ביי פרעמדע אַלס פעלד־אַרבייטער. דאָך האָבען אַלע געהאַט פאַר איהם דעם גרעסטען רעס־פעקט, דען אַלע האָבען געוואוסט אַז ער איז זעהר גוט און זעהר עהר־ליך. יעדען מאָל אַז אין ארץ ישראל פלעגט אַ לאַנגע צייט ניט געהן קיין רעגען און די פעלדער זיינען געווען אין געפאַהר צו פאַרטריקענט ווערען, פלעגען די גרעסטע לייט פון לאַנד קומען צו אַבא חלקיה אַז ער זאָל בעטען אויף רעגען, און זיין געבעט פלעגט אימער העלפען. עס פלעגט קומען אַ רעגען און אָנטרינקען די ערד. נאָכדעם פלעגט אַלעס ווערען גרין און די פעלדער פלעגען אויפבליהען און וואַקסען.

קיינמאָל האָט אַבאַ חלקיה געוואָלט דערפאַר נעהמען באַצאָהלט. ער האָט אפילו ניט געוואָלט הערען אַ דאַנק. ער האָט זיך געהאַלטען אַבגעזונדערט פון מענשען און ניט געזוכט קיין כבוד און קיין גרויסקייט. ער האָט געליעבט זיין היים און זיין פאַמיליע, און איז געווען צופרידען מיט דעם וואָס ער האָט געהאַט.

איין מאָל, אַז אין ארץ ישראל איז אַ לאַנגע צייט קיין רעגען געווען, זיינען אַ צאָהל פון די גרעסטע לייט פון לאַנד געגאַנגען צו אַבא חלקיה ער זאָל בעטען אויף רעגען. זיי האָבען איהם געטראָפען אַרבייטענדיג אין פעלד. זיי האָבען איהם באַגריסט, אָבער ער האָט זיי ניט געענט־פערט, און האָט ווייטער געאַקערט די פעלד.

די גרויסע לייט האָבען איינינע מאָל פרובירט צו איהם ריידען, אָבער ער האָט זיי ניט געענטפערט. זיי האָבען באַשלאָסען צו וואַרטען ביז פאַרנאַכט, און דאַן ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין אַרבייט האָט ער זיי באַגריסט און האָט זיי געבעטען צו געהן מיט איהם אַהיים.

איידער ער האָט פאַרלאָזען די פעלד, האָט ער גענומען אַ בינטעל האָלץ אויף איין שולטער און אַ מאַנטעל אויף דעם אַנדער שולטער, און איז געגאַנגען פאָראויס, און זיי זיינען געגאַנגען נאָך איהם.

דעם גאַנצען וועג איז אַבא חלקיה געגאַנגען באָרפוס, נאָר אַז ער

איז געקומען צום טייך האָט ער די שיך אָנגעטאָן און דורכגעגאַנגען דעם וואַסער. ווען ער איז געקומען אַהיים האָט ער זיך געזעצט עסען, אָבער זיינע געסט האָט ער ניט געלאַדען צום טיש. די גרויסע לייט האָבען באַמערקט אַז ביים טהיילען די שפייזען האָט ער דעם אינגערען זוהן געגעבען אַ גרעסערען חלק ווי דעם עלטערען.

דאָס זיינען אַלץ געווען זאַכען וואָס די גרויסע לייט האָבען ניט געקענט פאַרשטעהן און זיי האָבען זיך געוואונדערט.

נאָך דעם עסען האָט אַבא חלקיה געזאָגט צו זיין פרוי, גאַנץ שטיל אַז קיינער זאָל ניט הערען: „קום אַרויף אויפ'ן בוידעם און דאָרט ווע־לען מיר בעטען אויף רעגען".

זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען, און די גרויסע לייט האָבען געוואַרט אונטען. „איך וויל ניט אַז זיי זאָלען וויסען אַז מיר האָבען געבעטען אויף רעגען", האָט אַבא חלקיה געזאָגט צו זיין פרוי. זיי זיינען גע־שטאַנען אַ ווײַלע און געבעטען. זי איז געשטאַנען אין איין ווינקעלע פון בוידעם און ער אין אַן אַנדער ווינקעלע. עס האָט ניט לאַנג געדויער־ערט און עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעוויזען וואָלקענס, פריהער אויף דער זייט וואו די פרוי איז געשטאַנען און נאָכדעם אויף דער זייט וואו אַבא חלקיה איז געשטאַנען. און גלייך נאָכדעם האָט אָנגעהויבען צו גיסען אַ גרויסער רעגען.

נאָכדעם איז אַבא חלקיה אַרונטער און געפרעגט ביי זיינע געסט:

„יעצט זאָגט מיר, וואָס פאַרלאַנגט איהר פון מיר?"

„מיר זיינען געקומען צו אייך", האָבען זיי געענטפערט, „איהר זאָלט בעטען אויף רעגען".

„אָבער איהר דאַרפט מיך מעהר ניט", האָט ער צו זיי געזאָגט, „עס רעגענט שוין אָהן מיין געבעט".

„מיר ווייסען גאַנץ גוט", האָבען זיי איהם געענטפערט, „אַז דאָס איז געשעהן נאָר צוליעב אייער געבעט. אָבער מיר ווילען פון דאַנען ניט אַוועקגעהן וואו איהר וועט אונז ניט ערקלעהרען עטליכע זאַכען וואָס מיר ווילען ביי אייך פרעגען."

„פרעגט", האָט ער געזאָגט.

„פאר וואס האט איהר אונז ניט געענטפערט ווען מיר האבען אייך באגריסט אויפ'ן פעלד?"

„ווייל איך בין א טאג־ארבייטער. איך ארבייט ביי א פרעמדען, טאר איך די צייט ניט פארברענגען אין רעדען".

„פארוואס האט איהר דעם בינטעל האלץ געטראגען אויף איין אקסעל און דעם מאנטעל אויף דעם אנדער אקסעל? פארוואס האט איהר ניט ארויפגעלייגט די האלץ אויפ'ן מאנטעל אום עס זאל אייך זיין וויי־כער?"

„ווייל דער מאנטעל איז ניט מיינער. עס איז א געבארגטער, און איך דארף איהם גוט אבהיטען".

„פארוואס זייט איהר דעם גאנצען וועג געגאנגען בארפוס און גע־ענדיג אין טייך האט איהר אנגעטאן די שיך?"

„ווייל אויף דער טרוקענער לאנד קען איך זעהן אויב דער וועג איז ריין און אויב עס איז דא א געפאהר פאר די פיס. אבער אין טייך איז מעגליך אז איך זאל ארויפטרעטען אויף א שארפען שטיין אדער אויף א שלאנג. דארום האב איך אנגעטאן די שיך אום צו באשיטצען מיינע פיס".

„פארוואס, אז איהר האט זיך געזעצט צום טיש, האט איהר אונז כאטש אוים העפליכקייט ניט איינגעלאדען מיט אייך צו עסען?"

„ווייל איך גלויב נאר אין אמת'ע העפליכקייט. ווי האב איך אייך געקענט איינלאדען צו מיין טיש, אז איך האב קוים גענוג פאר מיר און מיין פאמיליע?"

„פארוואס האט איהר דעם אינגערען זוהן געגעבען א גרעסערען חלק ווי דעם עלטערען?"

„ווייל דער עלטערער זיצט א גאנצען טאג אין דער היים און ער קריגט צו עסען ווען ער וויל, אבער דער אינגערער געהט אוועק אויף א גאנצען טאג אין חדר און ער הונגערט א גאנצען טאג."

„יעצט ווילען מיר פרעגען בלויז נאך איין פראגע", האבען די גרויסע לייט געזאגט: „פארוואס האט זיך א וואלקען פריהער באוויז־

אויף דעם זייט וואו אייער פרוי איז געשטאנען און אויף אייער זייט האָט עס זיך באַוויזען ערשט שפּעטער?"

„דאָס איז", האָט ער געענטפערט, „ווייל מיין פרוי זיצט אימער אין הויז און ווען עס קומט צו איהר אַן אָרימאַן קען זי איהם געבען עסען. אָבער איך בין אין פעלד, און מעהר ווי געלד קען איך ניט געבען, און אַמאָל דאָס אויך ניט."

די גרויסע לייט זיינען געוועזען העכסט צופרידען מיט די ערקלעה־רונגען. זיי האָבען איהם געדאַנקט און זיינען אַוועק זיך וואונדערענדיג אויף די קלוגהייט פון דיזען מאַן.

## טויט און לעבען ליעגט אין מענשען'ס צונג

אין אַ וויטער לאַנד, מיט יאָהרען צוריק, איז געוועזען אַ קעניג און ער איז איינמאָל שטאַרק קראַנק געוואָרען. האָט מען גערופען די גרעס־טע דאָקטוירים פון לאַנד, און זיי האָבען געזאָגט: „קיין זאַך אין דער וועלט קען דעם קעניג געזונד מאַכען, סיידען ער זאָל טרינקען לייבען מילך".

האָט מען גענומען טראַכטען, וואו נעהמט מען לייבען־מילך? און דער קעניג האָט געלאָזט באַקאַנט מאַכען, אַז דער וואָס וועט איהם ברייננגען לייבען־מילך, וועט ער איהם געבען זיין טאָכטער פאַר אַ פרוי און דערצו אַ שעהנעם פּאַלאַסט מיט אַ סך גיטער.

איז איינמאָל געקומען צום קעניג אַן אָרימער שוסטער און האָט געזאָגט, אַז ער קען קריגען לייבען מילך, ווען מען וועט איהם געבען צעהן יונגע ציעגען. דער קעניג האָט דעם שוסטער געהייסען געבען צעהן יונגע ציגעלעך, און דער שוסטער האָט צוגעזאָגט צו קומען אין צעהן טעג אַרום און ברייננגען די מילך.

אויף מאָרגען איז דער שוסטער אַוועק אין וואַלד מיט אַ ציגעלע אויף זיינע אָרימס. ער איז צוגעקומען צו דער נאָרע פון אַ לייב און האָט אַהין אַריינגעוואָרפען די ציגעלע. אויף מאָרגען איז ער ווידער געקומען מיט אַ ציגעלע און האָט אַריינגעוואָרפען אין דער זעלבער נאָרע. אַזוי האָט ער געטאָן יעדען טאָג, ביז די לייבען האָבען זיך צו

איהם צוגעוואוינט, און זיי פלעגען זיך מיט איהם שפּיעלעז און לעקען די הענד. און אויפ'ן צעהנטען טאָג, ווען ער האָט געבראַכט די צעהנטע ציגעלע, איז די מוטער־לייבין שוין געווען אַזוי געוואוינט צו איהם, דאָס זי האָט זיך געלאָזט פון איהם מעלקען. און דער שוסטער האָט פון איהר אויסגעמאָלקען אַ גאַנצען קריגעל מילך, און איז מיט דעם אַוועק צום קעניג.

אויפ'ן וועג איז דער שוסטער שטאַרק מיעד געוואָרען און ער האָט זיך געלייגט אָפּרוהען. ער איז איינגעשלאָפען און עס האָט זיך איהם גע'חלומ'ט. אַז אַלע זיינע גלידער פיהרען צווישען זיך אַ קריעג.

די הענד האָבען געזאָגט אַז זיי זיינען די וויכטיגסטע גלידער פון קערפּער, ווייל זיי האָבען די מילך געמאָלקען. די פיס האָבען געזאָגט אַז זיי זיינען די וויכטיגסטע, ווייל זיי האָבען געפיהרט דעם שוסטער צו דער לייבען־נאָרע און זיי פיהרען איהם יעצט צום קעניג. דער קאָפּ האָט געזאָגט אַז ער איז צוערשט געפאַלען אויפ'ן שכל ווי די מילך צו באַ־קומען. און די צונג האָט געזאָגט: „איך בין וויכטיגער פון אייך אַלע־מען, ווייל דאָס לעבען און טויט ליעגט אין מיין מאַכט".

ווען דער שוסטער האָט זיך אויפגעכאַפּט. איז שוין געווען שפּעט. און ער האָט זיך גענומען איילען צו געהן, ווייל ער האָט מורא געהאַט דאָס ער וועט פאַרשפּעטיגען. היינט איז געווען דער צעהנטער טאָג, און ער ברייננגט ניט היינט די לייבען־מילך פאַר'ן קעניג. דאַן ווערט ער באַשטראָפט מיט'ן טויט.

די זון האָט זיך אַרונטערגעלאָזען נידעריגער און נידעריגער, און אָט ווערט שוין נאַכט. דער שוסטער איז געלאָפען זעהר שנעל און האָט די גאַנצע צייט מורא געהאַט. טאָמער פאַלט ער און די מילך גיסט זיך אויס. ענדליך איז ער אַריין אין שטאָדט. ביים טויער פון שטאָדט האָבען אויף איהם שוין געוואַרט דעם קעניג'ס דינער מיט אַ וואָגען. און ווען זיי האָבען איהם דערזעהן האָבען זיי איהם אַריינגעזעצט אין וואַ־גען און זיינען מיט איהם אַוועקגעפאָהרען צום קעניגליכען פּאַלאַסט.

דער שוסטער איז געווען אַזוי אויפגערעגט און צומישט. דאָס זיין צונג האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און ער האָט געזאָגט צום קעניג: „אדוני

מלך! איך האָב דיר געבראַכט הינטישע מילך צום טרינקען. טרינק און ווער געזונד!"

ווי נאָר דער קעניג האָט דערהערט אַז ער זאָגט אַז ער האָט איהם געבראַכט הינטישע מילך, איז ער שטאַרק בייז געוואָרען און ער האָט אויסגערופען צו זיינע דיענער: „נעהמט איהם אַוועק פון מיר צוזאַמען מיט זיינע הינטישע מילך! זאָל מען איהם האַלטען אין געפּענגניס ביז מען וועט מאַכען אַ תליה איהם צו היינגען".

די דיענער האָבען געטאָן וואָס דער קעניג האָט זיי געהייסען. דער אָרימער שוסטער איז געזעסן אין תפיסה מיט דעם קריגעל מילך און האָט געוויינט. ער איז באַלד ווידער איינגעשלאָפען.

און באַלד האָט ער ווידער געהאַט אַ חלום אַז די גלידער פון זיין קערפּער קריגען זיך, און די צונג האָט געזאָגט:

„נו. האָב איך ניט רעכט געהאַט? איך האָב געזאָגט אַז אין מיין מאַכט ליעגט דאָס לעבען און דער טויט. אָט האָב איך אייך געצייגט ווי מיט איין וואָרט האָב איך אויף אַ מענשען געבראַכט די טויט־שטראָף. ער האָט זיך אויסגערעדט דאָס וואָרט „הינטישע" אָנ־שטאָט „לייבען", און ער איז שוין פאַר׳משפט צום טויט".

„און יעצט וועלען מיר אַלע צוליעב דיר מוזען שטאַרבען", האָבען אַלע גלידער געקלאָגט.

„וויינט ניט", האָט די צונג געזאָגט. „אין מיין מאַכט ליעגט טויט און אויך לעבען. מיט איין וואָרט קען איך אַלעמען דערהאַלטען ביים לעבען".

„טהו דאָס, ראַטעווע אונז", האָבען אַלע גלידער זיך געבעטען ביי דער צונג.

דאָ האָט זיך דער געפאַנגענער שוסטער אויפגעכאַפּט און האָט גע־נומען טראַכטען וועגען דעם חלום. ער האָט לאַנג געטראַכט. און ענד־ליך האָט ער צוגערופען אַ וועכטער פון תפיסה און האָט צו איהם גע־זאָגט: „ווען דער קעניג וועט מיר נאָר לאָזען ריידען צו איהם, קען איך נאָך ראַטעווען מיין לעבען און דעם קעניג געזונד מאַכען".

דער וועכטער האָט וועגען דעם געמעלדעט צום קעניג, און דער

קעניג איז אַליין געקומען אין געפענגנים. הערען וואָס דער פּאַר'משפּט'ער האָט איהם צו זאָגען.

דער שוסטער האָט דעם קעניג דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע. ווי ער האָט די לייבען־מילך באַקומען, און ווי ער איז אויפ'ן וועג איינגע־שלאָפען, און וואָס איהם האָט זיך גע'חלומ'ט דאַן און אויך יעצט אין געפענגנים. און צולעצט האָט דער שוסטער אויפגעהויבען דאָס קריגעל מילך און האָט געזאָגט צום קעניג:

„אדוני מלך! טרינק דיזע לייבען מילך און ווער געזונד!"

דער קעניג האָט איהם געפאָלגט. ער האָט אויסגעטרונקען די לייבען מילך און איז גלייך געזונד און קרעפטיג געוואָרען.

דער קעניג האָט דעם שוסטער אַרויסגענומען פון תפיסה און האָט איהם אַריינגעפיהרט צו זיך אין פּאַלאַסט. אין אַכט טאָג אַרום איז געפייערט געוואָרען די חתונה פון דעם קעניג'ס טאָכטער מיט דעם שוס־טער, וועמען דער קעניג האָט געמאַכט פאַר אַ פּרינץ. און אַלע האָבען איהם גערופען „פּרינץ שוסטער".

---

# ל״ג בעומר

ווי פיעל קינדער ווייסען היינטיגע צייטען וואָס ל"ג בעומר איז? און אפילו די קינדער וואָס ווייסען יאָ וואָס ל'ג בעומר איז, ווייסען ניט ווי זייערע עלטערען פלעגען אַמאָל פייערען דעם יום טוב אין די אמאָ־ליגע יאָהרען.

ל"ג בעומר איז געווען אַ יום טוב וואָס איז געווען שטאַרק באַליעבט ביי אַלע קינדער. ווייל אין דעם טאָג זיינען זיי געווען פריי פון חדר. און לאָמיר זאָגען דעם אמת. וועלכער אינגעל האָט עס ניט ליעב אַמאָל צו זיין פריי פון לערנען און זיך שפּיעלען אויף דער פרייער לופט? אָט דאָס איז גראַדע געווען וואָס מיר קינדער האָבען געטהאָן אין דעם טאָג פון ל"ג בעומר. מיר האָבען זיך געשפּיעלט. אָבער ווי געשפּיעלט!

ערשטענס, האָט יעדער איינער פון אונז געהאַט קאָלירטע אייער וואָס די מאַמע האָט געקאָכט פאַר דעם טאָג. האַרט געקאָכטע אייער, געפאַרבט מיט פאַרשידענע קאָלירען, רויט, בלוי, גרין און געלב. און

צווייטענס, האָט יעדער איינער פון אונז געהאַט אַ ביקסעל. די ביקסלעך פלעגען מיר אַליין מאַכען פון צווייגען וואָס מיר פלעגען אָברייסען פון בוימער. דאָס זיינען געווען פיילענבויגענס מיט וועלכע מיר פלעגען קענען וואַרפען הילצערנע פיילען זעהר וויט.

מיט אַ טאָג פריהער האָט אונז דער רבי דערצעהלט וואָס ל"ג בעומר איז. עס איז געווען זעהר אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. וועגען דעם גרויסען תנא רבי עקיבא האָבען מיר געוואוסט. וועגען זיינע פיער און צוואַנציג טויזענד תלמידים האָבען מיר אויך געוואוסט. נו, האָט



אונז דער רבי דערצעהלט ווי איינמאָל האָט צווישען דיזע תלמידים אויס־געבראָכען אַן עפּידעמיע און פיעלע פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען. מען האָט אָנפאַנגס געמיינט אַז אַלע תלמידים וועלען אויסשטאַרבען, אָבער אין דעם טאָג פון ל"ג בעומר איז די עפּידעמיע איינגעשטילט גע־וואָרען, און זיי האָבען אויפגעהערט צו שטאַרבען.

מיר האָבען זיך זעהר געפרעהט מיט דער געשיכטע. וויל מיר האָ־בען געוואוסט די מעשה, ווי רבי עקיבא האָט פאַרלאָזען זיין פרוי אויף צוועלף יאָהר, און אין די צוועלף יאָהר האָט ער זיך פאַרשאַפט צוועלף טויזענד תלמידים. זיין פרוי איז געווען אַזוי צופרידען מיט דעם, דאָס

זי האָט איהם געהייסען פאַרלאָזען זיין הויז אויף נאָך צוועלף יאָהר אום צו שאַפען זיך נאָך צוועלף טויזענד תלמידים. און נאָך פיער און צוואַנציג יאָהר, וואָס ער איז געווען אָבגעשיידט פון זיין פרוי, איז רבי עקיבא צוריקגעקומען אַהיים באַגלייט פון פיער און צוואַנציג טויזענד תלמידים.

נאָכדעם ווי דער רבי האָט אונז אַ טאָג פאַר ל"ג בעומר ערקלערט די באַדייטונג פון דעם יום טוב, האָט ער אונז געזאָגט, אַז מאָרגען דאַרפען מיר אין חדר ניט קומען. זיינען מיר טאַקע אויף מאָרגען געבליבען אין דער היים און גענומען מאַכען אונזערע ביקסלעך.

מיר זיינען געווען צוזאַמען פונקט דרייצעהן אינגלעך. און אַז מיר האָבען אַלע שוין געהאַט אונזערע ביקסלעך פאַרטיג, האָט בערציק, דער עלטסטער פון אונז, געזאָגט:

„קינדער! לאָמיר געהן אין וואַלד!"

„אין וואַלד! אין וואַלד!" האָבען מיר אַלע געשריען און גענומען זיך באַוועגען מיט די פיסלעך.

בערציק איז געגאַנגען פאָראויס און מיר נאָך איהם. אונזער שטעדטעל איז ניט געווען אַ גרויסע. און באַלד זיינען מיר שוין געווען אין פעלד. בערציק האָט זיך אומגעדרעהט צו אונז מיט'ן פנים און אַ געשריי געטהאָן:

„שטעהט!"

און מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט. אַזוי ווי עס טוען די סאָלדאַטען ווען זיי הערען די קאָמאַנדע פון זייער אָפיציער.

„קינדער", האָט בערציק ווייטער געזאָגט, „איך בין רבי עקיבא און איהר זייט מיינע צוועלף טויזענד תלמידים".

„תלמידים. צוועלף טויזענד!" האָבען מיר נאָכגעזאָגט.

„די מגפה ברעכט אויס", זאָגט בערציק. „טויזענד תלמידים פאַלען".

מאָטעל האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן גראָז און איז געבליבען ליעגען, אַזוי ווי געשטאָרבען.

„נאָך טויזענד פאַלען", זאָגט בערציק.

פייוועל האָט זיך יעצט אַוועקגעלייגט.

„היינט איז ל"ג בעומר", זאָגט ווייטער בערציק, „די מגפה ווערט אָבגעהאַלטען. די טויטע בלייבען דאָ און די לעבעדיגע געהען ווייטער".

מיר האָבען אָבער ניט געוואָלט אַוועקגעהן און איבערלאָזען אונ־זערע חברים ליעגען אין פעלד.

„האָט קיין מורא, קינדער". האָט בערציק געזאָגט. „משיח קומט באַלד און ער וועט זיי לעבעדיג מאַכען".

בערציק האָט צוגעלייגט זיין פויסט צום מויל און האָט אָנגעהויבען צו בלאָזען אַזוי ווי אין אַ שופר: „טו־הו, טו־הו, טו־טו־טו, טוהוטו־טוהוטו!" און נאָכדעם האָט ער אויסגערופען:

„משיח איז געקומען. די טויטע שטעהען אויף!"

מאָטעל און פייוועל זיינען אויפגעשטאַנען און דאַן זיינען מיר אַלע אַוועק אין וואַלד אַריין.

אין וואַלד איז געוועזען זעהר שעהן. דער באַרג איז געשטאַנען אויף אַ בערגעל, און געהענדיג אַרויף האָבען מיר באַגעגענט אַ סך שעהנע, בלויע, געלע און ווייסע בליהמעלעך. בערציק האָט געזאָגט אַז ווער עס וויל רייסען בליהמעלעך צו נעהמען אַהיים, מעג ער דאָס טאָן, אָבער קיינער זאָל ניט רייסען צופיעל און ניט אַרויסרייסען קיין בלום מיט די וואָרצלען. אויך האָט ער געזאָגט אַז מיר זאָלען געהן אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג און ניט טרעטען אויף די בלומען. „עס איז שעהן צו זעהן ווי די בלומען בליהען", האָט ער געזאָגט, „און מען דאַרף זיי לאָזען וואַקסען. די מאַמע האָט מיר געזאָגט אַז דערפאַר וואָס די בלומען זיינען גוט צו אונז דאַרפען מיר גוט זיין צו די בלומען".

אַז מיר זיינען שוין געוועזען אין וואַלד האָבען מיר גענומען שיסען מיט אונזערע ביקסלעך. פייוועל האָט גענומען צילעווען אויף אַ פויגעל. ער האָט אויסגעשאָסען, און באַלד איז דער פויגעל געפאַלען אויף דער ערד אַ פאַרבלוטיגטער.

מיר זיינען אַלע צוגעלאָפען צו דעם געפאַלענעם פויגעל. אַ קליינע ווײלע האָט דער פויגעל זיך געצאַפּעלט אין זיין בלוט, און באַלד האָט ער צוגעמאַכט זיינע אויגעלעך און איז געבליבען טויט.

מאָטעל האָט דעם פויגעל אַ כאַפּ געטאָן און איז מיט איהם געלאָפען

ארונטער דעם בארג וואו עס איז געווען א טייכעל. מיר זיינען אלע געלאפען נאך איהם. מיר האבען געוואלט זעהן וואס ער וועט טאן מיט דעם פויגעל. מאטעל האט דעם פויגעל אבגעטונקט עטליכע מאל אין וואסער, ער האט געמיינט אז פון דעם וועט דער פויגעל לעבעדיג ווערען, אבער עס איז שוין געווען פארפאלען.

און וואס האט פייוועל געטאן די גאנצע צייט? ער האט געוויינט זעהר ביטער. ער האט פארשטאנען אז ער האט באגאנגען א גרויסען אונרעכט וואס ער האט געטויטעט א קליינע אונשולדיגע באשעפענים, וואס האט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאן.

מיר האבען באשלאסען צו באגראבען דעם פויגעל אויפ'ן בארג, צווישען די בלומען, און דאן זיינען מיר אלע אוועק אהיים טרויעריג. אונזער יום־טוב איז פארשטערט געווארען, און פייוועל האט ניט אויפ־געהערט צו וויינען די גאנצע צייט וואס ער איז געגאנגען אהיים.

---

# די פארביטענע קינדער

אמאל האט געלעבט א רייכער מאן און זיין נאמען איז געווען אלימלך. איז ער געווען זעהר שטאלץ אויף זיין רייכטום און האט גע־קוקט אויף זיינע ארבייטער און אויף זיינע קנעכט אזוי ווי זיי וואלטען גאר קיין מענשען געווען. און ווען ער האט איינעם פון זיי באגעגנט, פלעגט ער האלטען זיין קאפ פארריסען אין דער הויך. און פלעגט איהם אימיצער פון זיי באגריסען פלעגט ער גאר ניט ענטפערן.

זיין פרוי, מלכה, איז געווען נאך פיעל שטאלצער פון איהר מאן, און זי האט יעדע ארימע פרוי באטראכט אלס א דיענסט וואס איז באשא־פען געווארען נאר איהר צו באדיענען. קיין קינדער האט די רייכע פרוי געהאט, און דאס האט איהר געמאכט זעהר אונגליקליך.

שפעטער האט די רייכע פרוי געבארען א מיידעלע, אבער זי האט ניט געהאט פאר איהר קינד מילך צום זויגען.

האט דער דאקטאר געהייסען אז מען זאל פאר דעם קינד קריגען אן אם, האט מען געזוכט אן אם.

צווישען די ארבייטער וואס האבען געארבייט אויף זיינע גיטער,

האט אלימלך געפונען א פרוי וואס האט אויך געבארען א קינד אין דער זעלבער צייט מיט מלכה׳ן. האט מען געדונגען די פרוי אז זי זאל ער־נעהרען דאס רייכע קינד צוזאמען מיט איהרע.

מען האט די ארימע פרוי אריינגעזעצט אין א באזונדער הויז און מען האט איהר באזארגט מיט אלעם וואס זי האט געדארפט, און דארט האט די ארימע פרוי גענעהרטביידע קינדער.

די רייכע מוטער איז נאך אלץ געווען שטאלץ ביי זיך און זי איז קיינמאל געגאנגען זעהן איהר קינד, אום זי זאל ניט דארפען ריידען מיט דער ארימער פרוי.

ווען די קינדער זיינען שוין געווען נאהענט פון צוויי יאהר, האט די רייכע פרוי געלאזט אנזאגען דער אם, אז זי זאל איהר קינד אנט־וואוינען, ווייל זי וויל איהר צונעהמען צו זיך.

יעצט וויל איך אייך זאגען, אז די ארימע מיידעלע האט געהייסען נחמה און די רייכע האט געהייסען דבורה. און ביידע זיינען געווען זעהר שעהנע קינדער, און זעהר עהנליך איינע צו די אנדערע.

די ארימע פרוי האט זיי ביידען געליעבט, און דאך, אז עס איז געקומען די צייט ווען זי האט געמוזט דבורה׳ן אבגעבען צוריק צו איהרע עלטערן, האט איהר שטארק פארדראסען, וואס איין קינד וועט זיין רייך און גליקליך און די אנדערע וועט זיין ארים און אונגליקליך.

„פאר וואס איז דאס אזוי?“ האט די ארימע פרוי געפרעגט ביי זיך אליין. „ביידע קינדער האבען זיך ערנעהרט מיט די זעלבע מילך און זיינען ערצויגען געווארען צוזאמען אויף מיינע הענד, ביידע קינדער זיינען זעהר עהנליך איינע צו די אנדערע, טא פאר וואס קומט עס אז איינע זאל זיין רייך און די אנדערע ארים?“

און א זינדיגער געדאנק איז דאן דער ארימער פרוי איינגעפאלען אין קאפ. זי האט באשלאסען איהר אייגען קינד, נחמה׳ן, אבגעבען צו די רייכע עלטערן ,און דבורה׳ן זאל זי נעהמען פאר זיך און זי ער־ציהען אין איהר ארימער הויז.

און אזוי האט זי געטאן. די רייכע פרוי, מלכה, האט איהר קינד ניט געזעהן זייט צוויי יאהר, האט זי גאר ניט געוואוסט פון דעם שווינ־

דעל. און אַז אַ דיענער האָט איהר געבראַכט נחמה'ן, האָט זי געמיינט אַז דאָס איז איהר קינד, דבורה.

האָט די אָרימע מיידעלע זיך ערצויגען אין דעם רייכען פּאַלאַסט פון אלימלך און איז אימער געווען אַרומגערינגעלט פון דיענער און דיענסטען. די שעהנסטע שפּיעלצייג האָט מען פאַר איהר געקויפט. און אַז זי איז עלטער געוואָרען האָט מען פאַר איהר גענומען די בעסטע לעהרער איהר צו לערנען, שרייבען, זינגען, טאַנצען און שפּיעלען פּיאַנאָ און אַלעס וואָס אַ טאָכטער פון אַ רייכען מאַן דאַרף קענען.

און די רייכע מיידעלע האָט זיך ערצויגען אין דער הויז פון אַ האָלץ העקער, וואָס האָט געאַרבייט אין איינע פון די וועלדער וואָס האָבען באַלאַנגט צום רייכען אלימלך. זי האָט זיך ערצויגען אָהן שיך און האָט אָפטמאָל ניט געהאַט גענוג צו שטילען איהר הונגער. זי האָט גע־לערנט אין אַ שולע צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אָרימע קינדער פון שטאָדט. אָבער זי האָט געלערנט זעהר גוט און איז געווען די פעהיג־סטע קינד פון דער שולע.

קיינער האָט ניט געוואוסט פון דעם סוד, אויסער די אָרימע מוטער אליין.

די ערשטע צייט איז די אָרימע פרוי געווען גליקליך וואָס איהר קינד ווערט ערצויגען אין אַ רייכע הויז, אָבער שפּעטער האָט זי אָנ־געהויבען צו בענקען נאָך איהר און האָט זעהר שטאַרק געוואָלט זעהן איהר אייגען קינד.

דאַרום פלעגט זי גאַנץ אָפט אַוועקגעהן אין יענעם געגענד פון שטאָדט, וואו עס האָט זיך געפונען אלימלך'ס פּאַלאַסט, און פלעגט זיך דאָרט לאַנג אַרומדרעהען ביז זי פלעגט זעהן, ווי מען נעהמט אַרויס איהר קינד אין אַ קערידזש, אויף אַ שפּאַציער, אין דער באַגלייטונג פון דער רייכער מלכה און אַ גאָווערנאַנטין, און מיט דעם האָט זיך די אָרימע פרוי געטרייסט.

עס פלעגט אויך אָפט טרעפען, אַז ווען דאָס קינד וואָס איז געווען ביי איהר פלעגט זיין הונגעריג, ווייל עס איז ניט געווען אין הויז גענוג

צום עסען, פלעגט דער אָרימער פרוי באַנג טאָן דערפאַר וואָס זי האָט דאָס קינד געראַבט פון איהרע רייכע עלטערן.

איינמאָל האָט געטראָפען אַז די רייכע פרוי, מלכה, האָט באַמערקט ווי די אָרימע פרוי, די געוועזענע אַם, דרעהט זיך אַרום איהר פאַלאַסט. ווער ווייס וואָס די אָרימע שלעפּערקע דענקט צו טאָן פאַר אַ שלעכטס, האָט זי געזאָגט צו זיך. דאַן האָט זי געשיקט אַ דיענער און האָט איהם געהייסען די אָרימע פרוי צו פאַרטרייבען מיט אַ וואָרנונג, דאָס אויב מען וועט איהר נאָכאַמאָל זעהן אַרום דעם פאַלאַסט וועט מען זי ברייני־גען אין געריכט און באַשטראָפען.

דער אָרימער פרוי האָט שטאַרק פאַרדראָסען די באַליידיגונג. זי איז שוין געווען גרייט צו לויפען צו דעם רייכען אלימלך און איהם אויס־זאָגען דעם גאַנצען אמת, אַז דאָס קינד, וואָס ער רופט טאָכטער, איז די טאָכטער פון דעם אָרימען האָלץ־העקער, און די אמת'ע טאָכטער פון אלימלך הונגערט און געהט אַרום בארפוס. זי האָט זיך אָבער איינגע־האַלטען און האָט איהר נקמה אָבגעלייגט אויף שפּעטער.

עס איז אַוועק אַ לאַנגע צייט. די ביידע מיידלעך זיינען אויסגע־וואַקסען. זיי זיינען געוואָרען גרויס. די וואָס האָט זיך ערצויגען ביי די רייכע עלטערן האָט געטראָגען די שעהנסטע קליידער און האָט אויסגעזעהן ווי אַ פּרינצעסין. די וועלכע האָט זיך ערצויגען ביים אָרי־מען האָלץ העקער איז געווען אָנגעטאָן אין שמאַטעס און האָט געטראָגען פאַרלאַטעטע שיך.

פיעלע רייכע יונגע לייט האָבען געוואָלט חתונה האָבען מיט אלימלך'ס טאָכטער. זיי האָבען דאָך ניט געוואוסט אַז זי איז די טאָכטער פון אַן אָרימען האָלץ העקער. אלימלך האָט געזאָגט צו זיין טאָכטער אַז זי זאָל זיך אויסקלייבען דעם וואָס געפעלט איהר אַמבעסטען, און זי האָט זיך אויסגעוועהלט אַ יונגען דאָקטאָר וועלכער האָט אויך געהאַט רייכע עלטערן.

אלימלך האָט באַשלאָסען אַוועקצולייגען זיין שטאָלץ אָן אַ זייט און איינצולאַדען אויף זיין טאָכטער'ס חתונה אַלע זיינע אַרבייטער, זייערע

פרויען און קינדער, און זיין פרוי מלכה האָט אויך אויף דעם איינגע־וויליגט.

זיינען אויף דער חתונה געקומען די אַם פון דער כלה און די מיידעל וואָס האָט זיך ביי איהר ערצויגען.ביידע זיינען געקומען אין קליידער וואָס זיי האָבען געליהען ביי שכנים. די קליידער זיינען געוועזען אַלטע און אָבגעריסענע, אָבער ניט אַזוי צוריסען ווי זייערע אייגענע קליידער.

ווען מען האָט געשטעלט די חופה האָט זיך די אָרימע פרוי מיט דער מיידעל וואָס האָט זיך ביי איהר ערצויגען צוגעשטופּט זעהר נאָהענט, און גלייך ווי דער חתן האָט די כלה מקדש געווען און זיי זיינען געוואָרען מאַן און ווייב, איז די אָרימע פרוי צוגעגאַנגען צו דער כלה, האָט איהר אַרומגענומען, געקוסט און אויסגערופען: „מזל טוב דיר, מיין טאָכטער! איך בין דיין אמת'ע מאַמע, און דיזע מיידעל איז זייער טאָכטער".

שפּעטער, ווען די אָרימע פרוי האָט דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, האָט דער רייכער אלימלך באַשלאָסען צו זיין אַ פאָטער צו ביידע קינדער, און דער אָרימער פרוי האָט ער געגעבען גענוג געלד אַז זי זאָל קענען לעבען מיט איהר מאַן אין אַ שעהנער הויז און מיט אַלע בעקוועמליכ־קייטען.

---

## די בת יחידה.

ליזי איז געווען אַכט יאָהר אַלט און איין איינציגע ביי איהרע על־טערען. די עלטערען זיינען געווען זעהר רייך און האָבען זייער איינציגע טאָכטער נאָכגעגעבען אַלעם וואָס זי האָט פערלאַנגט. וואָס נאָר זי האָט געוואָלט האָבען די עלטערען איהר געקויפט, אָבער איין זאַך האָבען זיי איהר ניט געקענט נאָכגעבען און דאָס איז געווען איהר פערלאַנג צו האָ־בען אַ ברודערל, אָדער אַ שוועסטערל מיט וועמען זיך צו שפּיעלען.

איינמאָל זאָגט ליזי צו איהר מוטער:

„דו ווייסט, מאַמע, וואָס מיר וועלען טאָן? איך האָב דאָך אַ גרויסע דאַלי (פּופּע) וועט דאָס זיין מיין שוועסטער. מיר'ן זי רופען בעטסי און דו וועסט איהר מאַכען אַזאַ קלייד ווי מיינע. די דאַלי זעהט דאָך אויס

אַזוי ווי איך. זי האָט בלאָנדע געקרייזעלטע לאָקען, רויטע בעקלאַך און בלויע אויגען, פונקט אַזוי ווי איך".

די מוטער האָט געלאַכט און האָט געזאָגט: „זאָל זיין אַזוי ווי דו זאָגסט, מיין קינד".

„ווייסט נאָך וואָס, מאַמע", האָט ליזי ווייטער געזאָגט, „אין דער פריה אַז מיר'ן עסען פריהשטיק זאָלסטו מיר פרעגען, „וואו איז בעטסי?" וועל איך זאָגען אַז זי פיהלט ניט גוט און ליגט אין בעט, וועלען מיר עסען אָהן איהר".



די מוטער האָט ווידער געלאַכט. דער שפּיעל איז איהר געפעלען געוואָרען.

און פון יענעם טאָג אָן האָבען אַלע אין הויז גערופען די דאָלי „בעטסי", און אַלע זיינען געווען גליקליך מיט ליזי'ן וועלכע האָט שוין געהאַט אַ „שוועסטער".

יעדען פריהמאָרגען פלעגט ליזי אָנטאָן איהר שוועסטער אין אַ שעה־נער קליידעלע און זיך שפּיעלען מיט איהר אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ לעבעדיגע. אַמאָל פלעגט ליזי זאָגען: „בעטסי, ווילסט איך זאָל דיר לעזען אַ שעהנע געשיכטע?" און נאָכדעם פלעגט ליזי אַרויסנעהמען

איהר שול בוך און פארלעזען פאר בעטסי'ן א געשיכטע. עס פלעגט אויך אמאל טרעפען אז ליזי פלעגט אנשרייען אויף איהר שוועסטער דערפאר וואס זי איז ניט געווען פארזיכטיג און איז ארונטער געפאלען פון איהר שטוהל. „זיץ גלייך, וועסטו ניט ארונטערפאלען!" פלעגט זי אנשרייען אויף דער דאל. און גלייך נאכדעם פלעגט ליזי זאגען: „שא, שא, וויין ניט, בעטסילע. דו ביזט א גוטע מיידעלע, איך דיך ליעב, די מאמע דיך ליעב, דער פאפא דיך ליעב. ביזט א גוטע מיידעלע. וויין ניט". דערביי פלעגט ליזי מיט א טאשענטוך אבווישען בעטסי'ס אויגען, אזוי ווי דארט וואלטען געווען טרעהרען.

איינמאל האט מאדאם גאלד (אזוי האט געהייסען ליזי'ס מוטער) באקומען אן איינלאדונג פון איהרע א פריינדין מאדאם שטיין, אז זי זאל קומען מיט איהר מאן און מיט איהר טאכטער צו דעם געבורטסטאג פון איהר עלטסטען זוהן אייבי, וועלכער איז געווארען צעהן יאהר אלט. מאדאם שטיין האט געוואוינט אין א דארף ניט ווייט פון דער שטאדט און זי האט ליזי'ס מוטער ניט געזעהן שוין זייט פיעלע יאהרען. ליזי האט זיך געפרעהט מיט דער איינלאדונג און זי האט געזאגט אז זי מוז מיטנעהמען איהר שוועסטער.

האט זיך אבער געמאכט אז אין דעם זעלבען טאג האבען ליזי'ס עלטערען געהאט אן אנדער איינלאדונג, צו געהן אויף א בר מצוה. איז ביי זיי געבליבען אז ליזי זאל פאהרען אליין, אונטער דעם אויפזיכט פון דעם קאנדוקטאר, און אין אווענד וועלען איהרע עלטערען קומען זי אב־נעהמען. האט ליזי מיטגענומען איהר „שוועסטער" וועמען זי האט פאר־פוצט אין א שעהנער קלייד. איהר פאטער האט איהר צוגעפיהרט צו דער דיפא, און האט געבעטען דעם קאנדוקטאר אז ער זאל אויף איהר אויפפאסען און זאל ליזי'ן ארונטערלאזען ביי דעם דארף וואו מאדאם שטיין האט געוואוינט. דער קאנדוקטאר האט פערשפראכען אז ער וועט אזוי טאן, און ליזי מיט איהר דאלי זיינען אוועקגעפאהרען.

ליזי איז געזעסען אין דעם וואגאן און האט די גאנצע צייט גערעדט צו איהר דאלי: „זעה, בעטסי, ווי שעהן דא איז אויסען שטאדט? זעהסט יענעם גרינעם בארג? זעהסט יענע בלומען אויף דעם פעלד?" און די

פּאַסאַזשירען האָבען געקוקט אויף די צוויי שוועסטער און שטילערהייד געלאַכט צווישען זיך.

אַזוי איז ליזי געפאָהרען ביז דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט ביי אַ דאָרף. דער קאָנדוקטאָר האָט זי גענומען פאַר אַ הענטעל און האָט ליזי׳ן אַרונטערגעלאָזען ביי דער דיפּאָ. דאָרט האָט שוין אויף איהר געוואַרט איהר מוטער׳ס פריינדין מיט אַ וואָגען, און זי האָט ליזי׳ן אָבגעפיהרט צו זיך אַהיים.

אָבער אין מיטען דער רייזע האָט ליזי אויסגעשריען מיט שרעק: „וואָס האָב איך געטאָן? איך האָב דאָך פערגעסען מיין שוועסטער אין וואַגאָן!“

„וואָס פאַר אַ שוועסטער?“ האָט מאַדאַם שטיין געפרעגט. „דו האָסט דען אַ שוועסטער? איך האָב געמיינט אַז דו ביזט אַן איינציגע ביי דיין מוטער!“

„ניין, איך האָב אַ שוועסטער“, האָט ליזי גענומען וויינען, „בעטסי הייסט זי, און איך האָב זי דאָרט איבערגעלאָזען אַליין“.

מאַדאַם שטיין האָט זיך מיט ליזי׳ן צוריקגעקעהרט צום סטיישאָן מייסטער אַז ער זאָל טעלעפאָנירען צו דעם נעקסטען סטיישאָן וועגען דעם אַז אַ מיידעלע מיט׳ן נאָמען בעטסי איז פערלאָרען געגאַנגען און אַז מען זאָל איהר אויסגעפינען אויף דעם צוג און זי גלייך אָבשיקען אַהער מיט אַ קערידזוש.

דער סטיישאָן מייסטער האָט טעלעפאָנירט און אין עטליכע מינוטען אַרום האָט ער באַקומען אַ תשובה אַז מען האָט איבערגעזוכט אַלע וואַגאָנען פון יענעם צוג און מען האָט אַזאַ מיידעלע ניט געפונען.

„וואָס וועט יעצט זיין מיט מיין שוועסטער?“ האָט ליזי געוויינט. מאַדאַם שטיין איז געוועזען נאָך מעהר באַזאָרגט ווי ליזי. זי האָט ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. האָט זי אָבגעפיהרט ליזי׳ן צו זיך אַהיים און האָט געשיקט איהר מאַן צום סטיישאָן, ער זאָל דאָרט פערבלייבען ביז ער וועט עפּעס דערגעהן פון דער פערשוואונדענער „בעטסי“.

ווען ליזי איז געקומען צו מאַדאַם שטיין אַהיים און האָט דאָרט גע־זעהן פיעלע קינדער זיך שפּיעלען, זינגען און טאַנצען, האָט זי אויף איהר

„שוועסטער" זיך פארגעסען און האָט אויך גענומען טאַנצען און שפּרינ־גען. „וואָס פאר אַ נאַרישע קינד דאָס איז!" האָט מאַדאַם שטיין געזאָגט צו זיך. „איהר שוועסטער איז פאַרלאָרען געגאַנגען און זי האָט זיך שוין פאַרגעסען אָן איהר!"

נאָך דריי שטונדען זיינען אַוועק. די קינדער האָבען פרעהליך פאַרבראַכט, ביז עס איז געקומען די צייט פון געהן אַהיים. דאַן זיינען אָנגעקומען ליזי׳ס עלטערען און ווען זיי האָבען דערהערט פון מאַדאַם שטיין וועגען זייער אַנדער „טאָכטער" וואָס איז פאַרלאָרען געגאַנגען, האָבען זיי זיך צולאַכט און דערצעהלט דעם אמת, אַז די פערשוואוּנדענע „בעטסי" איז ניט מעהר ווי אַ דאַל. און דאַן האָבען אַלע געלאַכט.

ווילט איהר דאָך וויסען וואָס איז געוואָרען פון דער דאַל? וועל איך אייך דערצעהלען.

די דאַל איז אַרונטערגעפאַלען און איז געלעגען אין וואַגאָן, אונטער׳ן בענקעל, ביז איינער פון די אייזענבאַהן דיענער איז דאָרט אריינגעקומען רייניגען. ווען ער האָט די דאַל געפונען האָט ער עס אָבגעטראָגען אין דעם אָפּיס וואו עס ווערען געהאַלטען פאַרלאָרענע זאַכען. אַזוי ווי קיינער איז געקומען נאָכפרעגען אויף דער דאַל, האָט מען עס אַוועקגעגעבען צו דעם דיענער וועלכער איז געוועזען אַן אָרימאַן און האָט געהאַט אַ קליינע מיידעלע. און די מיידעלע האָט זיך שטאַרק געפרעהט, ווייל קיינמאָל אין איהר לעבען האָט זי געזעהן אַזאַ שעהנע דאַל.

---

## דער קלוגער ריכטער.

אין אַ הייסען טאָג, אויף דעם זאַמדיגען וועג, ווייט, ווייט הינטער דער גרויסער טערקישער שטאָדט סטאַמבול, איז געזעסען אַ הינקעדיגער בעטלער אין צוריסענע קליידער מיט צוריסענע שיך, באַדעקט מיט אַ דיקען שטויב. פון דערווייטענס האָט ער באַמערקט אַ מענשען אָנקומען, רייטענדיג אויף אַ פערד. נעהנטער און נעהנטער איז דער רייטער צו־געקומען צו דעם אָרט וואו דער הינקעדיגער בעטלער איז געזעסען, און ווען ער איז שוין געווען נאָהענט נעבען איהם, האָט דער בעטלער אָנגע־הויבען צו בעטען און וויינען, דער רייטער זאָל איהם העלפען.

דער רייטער האָט אָבגעשטעלט זיין פערד, אַ קוק געטאָן אויף דעם בעטלער און איהם צוגעוואָרפען אַ זילבערנע מטבע.

„זאָל דיר אַללאַה באַצאָהלען פאַר די גוטעס וואָס דו האָסט מיר געטאָן". האָט דער בעטלער געזאָגט, אויפהויבענדיג די מטבע. נאָכדעם האָט זיך דער בעטלער אויפגעהויבען, און הינקענדיג איז ער צוגעגאַנגען צום רייטער און געזאָגט, „אויב דו ווילסט מיר טאָן אַ גרויסען געפאַלען, מיין האַר, נעהם מיך מיט אויף דיין פערד אין שטאָדט אַריין. דער וועג איז נאָך ווייט און קרעפטען צו געהן האָב איך ווייניג. מיינע פיס דיענען



מיר ניט, און איך ווייס ניט אויב איך וועל קענען אַהין אָנקומען איידער די שאָטענס פון דער נאַכט וועלען זיך פאַרשפּרייטען איבער דער ערד".

דער רייטער האָט אַ שמייכעל געטאָן און זיינע קלוגע פריינדליכע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו לאַכען מיט רחמנות. ער האָט נאָך אַמאָל באַטראַכט דעם אָרימען הינקעדיגען מאַן. נאָכדעם איז ער אַרונטער פון פערד, און געהאָלפען דעם אָרימען אַרויפשטייגען, און איהם געגעבען די לייצעס אין האַנד. נאָכדעם איז דער האַר אַליין אַרויפגעשטיגען און זיך געזעצט הינטער דעם אָרימאַן. דער פערד איז געגאַנגען און דער אָרימאַן האָט זעהר פיעל געדאַנקט דעם רייכען הערר פאַר זיין גוט האַרץ.

דער בעטלער האָט ניט געוואוסט אַז דער גוטער מענש איז געווען קיין אַנדערער ווי דער גרויסער הערשער פון לאַנד האַרון אַל ראַשיד. דיזער הערשער פלעגט יעדען יאָהר מאַכען אַ רייזע איבער זיין לאַנד אום אויסצוגעפונען ווי די מענשען פון זיין לאַנד לעבען און ווי זיי פיהרען זיך אויף. צו דעם צוועק פלעגט ער זיך פאַרקליידען אַלס איינפאַכער מענש, כדי מען זאָל ניט דערקענען ווער ער איז, און אַ פערד האָט ער זיך געקויפט אַ געוואוינליכען, ניט קיין טהייערען. אַלע וועלכע האָבען דעם הערשער געזעהן, האָבען געמיינט אַז ער איז אַ סוחר וואָס פאָהרט וועגען זיינע געשעפטען.

אַזוי זיינען זיי ביידע געפאָהרען רייטענדיג, דער בעטלער פאָראויס און דער פאַרשטעלטער הערשער הינטער איהם. ביז עס האָט זיך באַוויזען דער שיינענדער דאַך פון דעם אַראַבישען געבעט הויז. ווען זיי זיינען געקומען אין דער פאַרשטאָדט, האָט דער הינקעדיגער בעטלער אַבגעשטעלט דעם פערד און געזאָגט צו דעם מאַן וואָס איז געזעסען הינטער איהם:

„יעצט קריך אַראָב פון מ י י ן פערד! מיר געפינען זיך שוין אין שטאָדט און דו קענסט דיין וועג לייכט אַליין טרעפען. איך מוז פאָהרען צו מיין וואוינונג".

האַרון אַל ראַשיד האָט גאָר ניט געקענט גלויבען וואָס ער האָט געהערט.

„וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט, מענש? ד ו הייסט מ י ר אַרונטערגעהן פון מ י י ן פערד?" האָט האַרון אויסגערופען מיט כעס און מיט וואונדער. „ווען דו וואָלסט ניט געווען אַ הינקעדיגער און אַ שוואַכער וואָלט איך דיך פון מיין פערד ארונטערגעשליידערט. שנעל געה אַרונטער, ווייל איך קען ווערען אונגעדולדיג!"

„גוטע מענשען! ראַטעוועט!" האָט דער הינקעדיגער בעטלער געמאַכט אַ געשריי אין גאַס. און באַלד האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען עטליכע מענשען און דער בעטלער האָט זיי גענומען דערצעהלען אַזאַ מעשה: „גוטע מענשען! אָט דער מאַן וואָס זיצט הינטער מיר וויל אויף מיר מאַכען אַ בלבול און ביי מיר אַבנעהמען מיין פערד. איך האָב דעם

מאַן געטראָפען אין מיטען וועג און ער האָט זיך ביי מיר איינגעבעטען אַז איך זאָל איהם מיטנעהמען אויף מ י י ן פערד. און יעצט שרייט ער אַז דאָס איז ז י י ן פערד און וויל מיך אַראָבטרייבען פון מ י י ן פערד. זאָל איהם דער אַללאה שטראָפען פאַר זיין שלעכטע האַרץ! האָט רחמנות גוטע מענשען רעטעט מיך פון דעם באַנדיט וואָס וויל באַרויבען אַן אָרימען מענשען, אַ שוואַכען, מיט קראַנקע פיס פון זיין איינציגע שטיצע דעם פערד. אָהן דעם פערד קען איך זיך גאָר ניט ריהרען פון אָרט!"

אומזיסט האָט האַרון אַל ראַשיד געזוכט אָבצולייקענען די רייד פון דעם הינקעדיגען בעטלער. דער געוויין און דער געשריי פון דעם בעטלער האָבען ערוועקט דעם רחמנות פון די מענשען וואָס זיינען זיך אָנגעלאָפען, און זיי האָבען אַלע געגלויבט איהם און ניט האַרון אַל ראַשיד.

דאַן האָט זיך האַרון געווענדעט צו די פערזאַמעלטע און געזאָגט:

„אויב אַזוי, לאָמיר פאָהרען צו דעם קאַדי און מיר וועלען פאַר איהם פאָרברייִנגען אונזערע טענות, און ער וועט משפט'ן ווער פון אונז האָט רעכט".

דיזער פאָרשלאַג איז די פאַרזאַמעלטע געפעלען געוואָרען. דער קאַדי, דער ריכטער פון שטאָדט, איז געוועזען באַריהמט אַלס זעהר אַ קלוגער מאַן, אָבער דער בעטלער האָט געהאָפט אַז מיט זיין געוויין וועט ער אַזוי ווירקען אויף דעם קאַדי אַז ער וועט איהם געבען רעכט.

ווען זיי זיינען געקומען צו דעם קאַדי האָבען זיי געפונען אין זיין געריכט־הויז צוויי מענשען וואָס האָבען צווישען זיך געפיהרט אַ פּראָצעס.

האַרון און דער בעטלער האָבען געמוזט וואַרטען ביז יענער פּראָצעס וועט זיך ענדיגען.

פאַר דעם קאַדי זיינען געשטאַנען צוויי מענשען. איינער איז געוועזען אַ קצב, דער אַנדערער איז געוועזען אַ וועבער. דער קצב האָט דערצעהלט אַז ער האָט געקויפט ביי דעם וועבער אַ טוך און איהם באַצאָהלט פינף גאָלדענע רענדלעך. אָבער דער וועבער האָט געזאָגט אַז דער קצב האָט איהם ניט באַצאָהלט.

„האסטו ביי זיך פינף גאָלדענע רענדלעך?" האָט דער קאָדי געפרעגט ביים וועבער.

דער וועבער האָט דערלאַנגט דעם ריכטער פינף גאָלדענע רענדלעך. דער ריכטער האָט גענומען די מטבעות און האָט זיי אַריינגעוואָרפען אין אַ גלאָז מיט הייסע וואַסער.

„דיזע פינף רענדלעך האָט דיר דער קצב געגעבען", האָט דער ריכטער געזאָגט, „איך זעה ווי עס שווימען אַרום אין גלאָז פעטע פלעקען. גיב איהם אָב דאָס געלד צוריק און דער טוך בלייבט אויך ביי איהם, פאַר דעם וואָס דו האָסט געזאָגט אַ ליגען".

נאָכדעם האָט דער ריכטער גענומען משפט'ן דעם הינקענדיגען בעטלער מיט דעם אונבאַקאַנטען הערר.

ער האָט זיי געהייסען פאָרלעגען זייערע טענות. דער בעטלער האָט דערצעהלט זיין געשיכטע און האָט דערביי געוויינט און געיאָמערט און געשאָלטען. דער אונבאַקאַנטער הערר האָט אָבגעלייקענט די רייד פון דעם בעטלער און דערצעהלט זיין געשיכטע.

„לאָמיר אַרויסגעהן אין דרויסען און הערען וואָס וועט דער פערד זאָגען", האָט דער ריכטער פאָרגעשלאָגען.

צוערשט האָט דער ריכטער געהייסען דעם בעטלער פאַרבייגעהן דעם פערד. דער פערד האָט איהם גאָר ניט באַמערקט. אָבער אַז האַרון איז איהם פאַרבייגעגאַנגען האָט דער פערד אויפגעהויבען זיין קאָפּ און גענומען הירזשען פרעהליך.

„דער פערד באַלאַנגט צו דיזען הערר", האָט דער קאָדי געזאָגט, און דעם בעטלער האָט ער געהייסען געבען 50 שמיץ.

דאַן האָט האַרון אַל ראַשיד אויסגעזאָגט דעם ריכטער ווער ער איז.

„עס פרעהט מיך", האָט ער געזאָגט, „וואָס איך האָב אַזאַ קלוגען ריכטער אין מיין לאַנד!"



# ערד און בריליאַנטען

דער קייזער פון רוים האָט אַמאָל די אידען זעהר פיעל שלעכטס געטהאָן, האָבען די אידען באַשלאָסען צו שיקען איהם אַ שעהנע מתנה. אום דעם קייזער איבערצובעטען, אַז ער זאָל ווערען אַ ביסעל פריינדליכער צו זיי, האָבען די אידען אויסגעקליבען פאַר זייער שליח אַ גרויסען מאַן, וועלכער איז געווען בעקאַנט מיט דעם נאָמען נחום איש גם־זו. זיי האָבען איהם מיטגעגעבען אַ קעסטעלע וועלכע איז געווען אָנגעפילט מיט טייערע שטיינער, דימאַנטען און בריליאַנטען, און אויך האָבען זיי איהם געגעבען אַ פאָר מענשען אַלס באַגלייטער.

דער נחום איש גם זו איז געווען זעהר אַ קלוגער און אַ פרומער מאַן, ער האָט אָבער קיין גליק ניט געהאַט. אימער פלעגען זיך איהם טרעפען אונגליקען, איין אונגליק נאָכ׳ן אַנדערן. אָבער ער פלעגט קיינמאָל פאַרלירען זיין מוט, און אויף יעדען אונגליק וואָס איהם פלעגט טרעפען, פלעגט ער זאָגען: „גם זו לטובה!“ עס הייסט אַז אויך דיזער אונגליק וועט ברייגגען גליק.

און אַט דערפאַר האָט מען איהם גערופען נחום איש גם־זו, דער מענש וואָס זאָגט אימער „גם־זו“.

געהענדיג מיט זיינע באַגלייטער נאָך רוים, איז נחום׳ען איינמאָל אויסגעקומען צו נעכטיגען אין אַ דאָרף, צווישען פרעמדע מענשען. די דאָרפסלייט האָבען באַמערקט דעם קעסטעל, וואָס ער האָט מיט זיך געפיהרט, האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען אַז אין דעם געפינען זיך גוטע זאַכען. האָבען זיי געוואַרט ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען נחום איש גם־זו און זיינע באַגלייטער זיינען געשמאַק געשלאָפען, האָבען דעם קעסטעל געעפענט, אַרויסגענומען פון דאָרט די טייערע שטיינער און אָנגעפילט מיט איינפאַכע ערד.

נחום איש גם־זו האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט, איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען אַ קוק צו טהאָן אין קעסטעל. ער איז נאָך אַ לאַנגע רייזע אָנגעקומען אין רוים, האָט זיך געלאָזט מעלדען ביים מלך אַלס אַ שליח פון די אידען. דער קעניג האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס

כבוד. נחום איש גם־זו האט דעם קעסטעל איבערגעגעבען צום קייזער און געזאגט:

„די אידען שיקען דיר דיזען קעסטעל און בעטען דיך אז דו זאלסט צונעהמען זייער קליינע מתנה".

אבער ווען דער קייזער האט דעם קעסטעל געעפענט און האט דער־זעהן אז ער איז אנגעפילט מיט איינפאכע ערד, איז ער שטארק בייז געווארען און האט געהייסען דעם אידישען שליח מיט זיינע באגלייטער אריינזעצען אין געפענגנים. נחום האט ניט געקאנט פארשטעהן ווי אזוי די בריליאנטען זיינען פארשוואונדען געווארען און ווי אויף זייער ארט האט אימיצער אוועקגעלייגט די ערד. „שרעקט זיך ניט". האט ער געזאגט צו זיינע באגלייטער, „גם זו לטובה — אט פון דעם אונגליק וועט אויך ארויסקומען א גליק".

דערווייל האט מען נחום׳ען און זיינע באגלייטער אבגעפיהרט אין געפענגנים ,און דער קייזער האט זיך גענומען באטראכטען מיט זיינע מיניסטארען וואס צו טאן מיט די אידען וועלכע האבען איהם אזוי באליידיגט.

צו יענער צייט האט דער קייזער געפיהרט א גרויסע מלחמה מיט א מעכטיגען שונא און ער האט איהם ניט געקענט בייקומען. און ווען די מיניסטארען האבען גענומען באשפרעכען וואס מען טוט מיט די אידישע שלוחים, האט איינער פון זיי זיך אבגערופען:

„גרויסער הערשער! מיר גלויבט זיך ניט אז די אידען, וועלכע זיינען א קלוגעס פאלק, זאלען זיך וועלען מיט דיר רייצען און דיך באליי־דיגען און ערוועקען דיין כעס. איך דענק אז די ביסעל ערד וואס זיי האבען דיר געשיקט מוז זיין פון זעהר א הייליגען ארט, און ווען מיר זאלען די ערד מיטנעהמען צום שלאכטפעלד וועלען מיר באזיעגען אונ־זער שונא."

„לאמיר דאס פרובירען", האט דער קייזער געענטפערט.

דער קייזער האט די ערד אבגעשיקט צו זיינע גענעראלען וועלכע זיינען געווען אין שלאכטפעלד, און עס איז געשעהן א גרויסער וואונדער. זיינע סאלדאטען האבען געהאט א גרויסען זיעג, זיי האבען דעם שונא

צוטריבען, גענומען זעהר פיעל געפאנגענע, און זיך צוריקגעקעהרט אהיים מיט א גרויסען נצחון.

דער קייזער האט געגעבען א באפעהל אז מען זאל די אידישע שלוחים ברייננגען פאר איהם. ער האט נחום׳ען געזעצט אויבען־אן, נעבען זיך, און געזאגט צו איהם אז ער איז בארייט צו טאן אלעס וואס ער וועט פון איהם פארלאנגען.

„איך פארלאנג גארנישט פאר זיך און פאר מיינע באגלייטער", האט נחום געזאגט. „אלעס וואס איך פארלאנג איז אז דו זאלסט ניט אזוי שטריינג זיין צו מיינע ברידער און דו זאלסט זיי לאזען לעבען רוהיג און היטען זייער גלויבען".

דער קייזער האט ארויסגעגעבען א באפעהל אז מען זאל די אידען לאזען לעבען רוהיג און זיי לאזען אבהיטען זייער גלויבען. נאכדעם האט ער געהייסען געבען נחום׳ען טייערע מתנות פון גאלד, זילבער און קאסט־בארע שטיינער. ער האט איהם אויך געגעבען א סך סאלדאטען וואס זאלען איהם באגלייטען ביז ער וועט אנקומען צוריק אין דעם אידישען לאנד.

אויפ׳ן וועג צוריק איז זיי ווידער אויסגעקומען צו נעכטיגען אין דעם דארף אין וועלכען מען האט דעם קעסטעלע אויסגעליידיגט און אנגעפילט מיט ערד. די באגלייטער האבען דערצעהלט וואס פאר א וואונדער עס איז געשעהן מיט די ערד, און וואס פאר א שעהנע מתנות דער קייזער האט געגעבן פאר דעם. האבען די דארפסלייט זיך גע־טראכט, ווען דער קעניג קען געבען אזוי פיעל גאלד און זילבער פאר א קליין ביסעל ערד, הייסט ווי פיעל וועט ער געבען ווען מען וועט איהם ברייננגען א סאך ערד?

און ווי נאר נחום און זיינע באגלייטער זיינען אבגעפאהרען, הא־בען די דארפס־לייט אנגעפילט א גרויסען וואגען מיט ערד און האבען דאס אוועקגעפיהרט צום קייזער. קומענדיג אין רוים האבען זיי גע־לאזט זיך מעלדען פאר׳ן קייזער און האבען צו איהם געזאגט:

„אלמעכטיגער הערשער! מיר האבען געהערט אז די ביסעל ערד וואס דו האסט באקומען פון אונזער דארף האט דיר געהאלפען צו

באזיעגען דעם שונא. האבען מיר דיר געבראכט א גאנצען וואגען מיט ערד„ אז דו זאלסט קענען ווייטער פיהרען מלחמות און אימער זיעגען“.

ווען דער קעניג האט די ווערטער געהערט, האט ער זיך פאר־טראכט. נאכדעם האט ער געשיקט שלוחים אויף שנעלע פערד און האט געהייסען אניאגען נחום איש גם־זו מיט זיינע באגלייטער, און זיי ברייגנען צוריק נאך רוים.

נחום האט זיך ניט דערשראקען און צו זיינע באגלייטער האט ער געזאגט: „גם זו לטובה — פון דעם וועט אויך ארויס א גליק“.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין פאלאסט האט דער קייזער געפרעגט בייז:

„נחום! איך האב געמיינט אז די ערד קומט פון אייער הייליגער לאנד, אבער יעצט האב איך דערגאנגען אז די ערד האסטו גענומען אין א דארף פון מיין אייגענער לאנד. דו ביזט א שווינדלער! דו האסט מיך אבגענארט!“

„ניט איך האב אבגענארט דעם קייזער!“ האט נחום געענטפערט.

„ווער דען?“ האט דער קייזער געפרעגט. „ווער דען אז ניט דו?“

„פרעג די דארפס־לייט וואס האבען דיר געבראכט דעם וואגען ערד“, האט נחום געענטפערט.

דער קייזער האט זיך גענומען צו די דארפס־לייט און ער האט אויף זיי געשריען אז זיי מוזען איהם זאגען דעם גאנצען אמת. דאן זיינען די דארפסלייט געפאלען דעם קייזער צו די פיס, און געזאגט אז זיי וועלען אויף אלעם מודה זיין, אויב מען וועט זיי לאזען לעבען.

„דערצעהלט!“ האט דער קייזער געשריען, „און אויב דער איד וועט מיר דאס ערלויבען וועל איך אייך לאזען לעבען. אבער זאגט נאר דעם אמת!“

דאן האבען די דארפסלייט דערצעהלט ווי זיי האבען ארויסגענומען פון דעם קעסטעל די טייערע מתנות וואס דער אידישער שליח האט גע־פיהרט פאר׳ן קייזער און זיי האבען אנגעפילט דעם קעסטעל מיט ערד.

נחום האט געבעטען דעם קעניג ער זאל די גנבים שענקען זייער

לעבען בתנאי אז זיי זאלען אומקעהרען די מתנות צו וועמען זיי זיינען געשיקט.

„איך שיינק זיי דעם לעבען", האט דער קייזער געזאגט, „אבער די מתנות זאלען זיי אייך געבען און איהר זאלט זיי צוריק נעהמען אין אייער לאנד, זיי דארט פארקויפען און דאס געלד צוטיילען צווישען די ארימע פון אייער פאלק".

---

## די בלומען פון פרייד

אין א שעהנעם טאל, אונטער א גרויסען גרינעם בארג, האט געוואוינט א פארמער, ער, זיין פרוי און זיינע קינדער. דער פארמער האט געאקערט די ערד, זיין פרוי און זיינע קינדער האבען איהם געהאלפען און זיי האבען געהאט ברויט און גרינסען און פרוכטען גענוג צו עסען.

עס פלעגט אפילו טרעפען א צייט אז זיי זיינען געווען אונצופריעדן. עס האבען זיי אפטמאל אויסגעפעהלט פיעלע זאכען, אבער דאך זיי זיינען געווען צופריעדען.

ארום דעם הויז פון דעם פארמער זיינען געוואקסען פארשיעדענע בלומען, זיינען דאס געווען אזעלכע שעהנע בלומען וואס זייער גלייכען האט מען ניט געזעהן אין גאנצען לאנד. ווער עס האט א קוק געטאן אויף די בלומען האט געפיהלט גליקליך און פרעהליך. יעדע זארג פלעגט פארשווינדען ווי נאר איינער פלעגט די בלומען דערזעהן.

און יעדען מאל ווען דער פארמער און זיין פאמיליע האבען זיך געפונען אין א געדריקטער לאגע, ווען עס האט זיי עפעס אויסגעפעהלט, האבען זיי א קוק געטאן אויף די בלומען און זיי זיינען ווידער געווען צופריעדען און גליקליך.

פון גאנצען לאנד פלעגען קומען רייזענדע אנצוקוקען דיזע וואונדערליכע בלומען וועלכע מען האט א נאמען געגעבען „די בלומען פון פרייד".

פיעלע מענשען האבען די בלומען געוואלט אבקויפען; ביי דעם פארמער, אבער ער האט זיי ניט געוואלט פארקויפען פאר קיין געלד.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַז אַ זעהר רייכער מאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ סך הייזער און גיטער, איז געקומען אין דעם געגענד אויף יאַגד. פון דער אַנדער זייט טאָל איז געווען אַ גרויסער וואַלד, און פיעלע יעגער פלעגען אַהין קומען שיסען האַזען.

דער רייכער יעגער איז איינמאָל נאָכגעלאָפען נאָך אַ האָז וואָס איז אַרויסגעלאָפען פון וואַלד און איז געלאָפען צום פאַרמער'ס הויז. ווען די קינדער פון דעם פאַרמער האָבען דערזעהן דעם ערשראָקענעם האָז, האָבען זיי זיך אַלע אַרום איהם אַרומגעשטעלט און איהם באַשיצט פון דעם יעגער.

שטאַרק אויפגערעגט און בייז איז דער יעגער צוגעלאָפען מיט זיין



ביקס און האָט דעם האָז געוואָלט שיסען, אָבער אין דעם אויגענבליק האָט ער דערזעהן די „בלומען פון פרייד", און ווי זיין בליק איז געפאַלען אויף די בלומען, האָט זיך אַ שמייכעל באַוויזען אויף זיין געזיכט און זיין ביקס איז פון די הענד אַרויסגעפאַלען.

דען די בלומען האָבען געהאַט אַזאַ ווירקונג אַז ווען דער מענש איז געווען בייז און פלעגט דערזעהן די בלומען, פלעגט זיין כעס פאַרשווינדען און ער פלעגט מוזען שמייכלען און ווערען גוט.

„איך האָב באַרייזט די גאַנצע וועלט און האָב נאָך אַזעלכע שעהנע בלומען ניט געזעהן“. האָט געזאָגט דער יעגער. „ווילט איהר דיזע בלומען פאַרקויפען? איך וועל זיי לאָזען אויסגראָבען מיט זייערע וואָרצלען און וועל זיי איינפלאַנצען אין מיין גאָרטען.“

„דיזע בלומען וועל איך ניט פאַרקויפען פאַר קיין געלד“, האָט דער פאַרמער געענטפערט.

דער רייכער מאַן האָט איהם גענומען באָטען אַ סך געלד, אָבער דער פאַרמער האָט ניט געוואָלט הערען פון פאַרקויפען. דאַן איז דער רייכער מאַן ווידער בייז געוואָרען און האָט גענומען שרייען:

„אויב איהר ווילט מיר ניט פאַרקויפען וועל איך די בלומען מיט גוואַלד אויסרייסען“.

„די בלומען וועלען אָבער ניט וואַקסען אין קיין אַנדער אָרט“, האָט דער פאַרמער געזאָגט. „און אויב איהר גלויבט מיר ניט, וועל איך אייך געבען איינינע בלומען צו נעהמען אַהיים און זעהן אויב זיי וועלען וואַקסען אין אייער גאָרטען“.

דער רייכער מאַן האָט מיטגענומען די בלומען און איז אַוועק. קומענדיג אַהיים האָט ער גערופען זיין גערטנער און איהם געהייסען די בלומען איינפלאַנצען אין זיין גאָרטען.

דער גערטנער האָט גוט באַטראַכט די בלומען. ער האָט נאָך אַזעלכע בלומען קיינמאָל אין זיין לעבען געזעהן. ער האָט די בלומען איינגעפלאַנצט אין גאָרטען, זיי אויפגעפאַסט יעדען טאָג, אָבער די בלומען זיינען שנעל פאַרדאַרט געוואָרען און צופאַלען אין שטויב.

נאָכאַמאָל איז דער רייכער מאַן געפאָהרען צו דעם פאַרמער, ער האָט איהם ביי איהם געוואָלט פרעגען אויב עס איז דאָ אַ מיטעל צו האָבען אַזעלכע ווי דער פאַרמער האָט.

ווען דער רייכער מאַן איז געקומען איז דער פאַרמער ניט געווען אין דער היים, בלויז זיינע קינדער און זייער עלטערע שוועסטער וואָס האָט אויף זיי אויפגעפאַסט.

„וואָס פאַרלאַנגט דער הערר?“ האָט די עלטסטע טאָכטער פון פאַרמער געפרעגט.

„איך בין געקומען פרעגען אויב עס איז דאַ אַ מיטעל אַז אַזעלכע בלומען זאָלען וואַקסען אויך ביי מיר אין גאָרטען. איך בין באַרייט פאַר דעם ראַט צו באַצאָהלען ווי פיעל מען וועט פון מיר בעטען".

„איך האָב געהערט מיין פאָטער זאָגען", האָט די מיידעל געענט־פערט, „אַז די בלומען פון פרייד קענען וואַקסען נאָר ביי מענשען וואָס זיינען צופרידען מיט וואָס זיי האָבען. אָט דאָס איז דער ראַט און איך גיב דאָס אייך פריי, וויל מיר דאַרפען קיין זאַך, מיר זיינען צופרידען מיט דעם וואָס מיר האָבען".

דיזע רייד זיינען דעם רייכען מאַן זעהר געפעלען געוואָרען, און ער איז אַוועק אַהיים מיט אַ באַשלוס צ ווערען אַ צופרידענער מענש.

קומענדיג אַהיים האָט ער באַטראַכט זיינע גיטער און זיין פאַלאַסט און האָט צו זיך געזאָגט: „אַז איך האָב גענוג פון אַלעס דאַרף איך ווירק־ליך זיין צופרידען און מעהר ניט פאַרלאַנגען קיין זאַך".

און פאַר אַ קורצע צייט האָט ער געמיינט אַז ער איז צופרידען, אָבער די בלומען פון פרייד זיינען אין זיין גאָרטען ניט געוואַקסען.

איז ער ווידער אַוועקגעפאָהרען צום פאַרמער און האָט ווידער גע־טראָפען דעם פאַרמער׳ס טאָכטער.

„וואָס קען דאָס באַדייטען?" האָט דער רייכער מאַן געפרעגט, „איך בין שוין צופרידען, אָבער קיין בלומען פון פרייד וואַקסען נאָך אַלץ ניט אין מיין גאָרטען".

„דאָס צייגט אַז איהר זייט נאָך אַ ביסעל אונצופרידען", האָט דעם פאַרמער׳ס טאָכטער געזאָגט. „זאָגט מיר, איהר זייט פאַרהיי־ראַט?"

„ניין," האָט ער געענטפערט.

„קענט איהר ניט זיין אַ צופרידענער מענש ווען איהר האָט ניט קיין פרוי און קיין קינדער ווען צו ליעבען און מיט וועמען זיך צו טיילען אייער האָב און גוטס".

„איהר האָט רעכט", האָט דער רייכער מאַן צוגעגעבען. און דאַן האָט ער באַטראַכט דעם פאַרמער׳ס טאָכטער, וועלכע איז געווען זעהר

שעהן און איהרע אויגען האָבען אַרויסגעצייגט גוטסקייט און צופרידענ־הייט. האָט ער איהר געבעטען אַז זי זאָל ווערען זיין פרוי.

אין אַ קורצע צייט האָבען זיי חתונה געהאַט. אין אַ יאָהר אַרום נאָך זייער חתונה האָט די פרוי געבאָרען אַ קינד, און דעם זעלבען טאָג וואָס דאָס קינד איז געבאָרען געוואָרען האָבען אין דעם רייכען מאַן׳ס גאָרטען אָנגעהויבען צו וואַקסען די „בלומען פון פרייד“.

---

## די קאַץ און דער ברונען

אַמאָל, אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, איז געווען אַ קליינע מיידעלע און איהר נאָמען איז געווען שולמית. און ניט ווייט פון דער הויז וואו איהרע עלטערן האָבען געוואוינט, איז געווען אַ אינגעלע און זיין נאָמען איז געווען שלום. זיינען שלום און שולמית געווען פריינד, און פלעגען אָפט זיך שפּיעלען ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

שפּעטער, אַז זיי זיינען אויסגעוואַקסען, האָט דער פאָטער פון שולמית געזאָגט צו שלום׳ס פאָטער: „אונזערע קינדער זיינען גוטע פריינד, זיי האָבען איינע די אַנדערע ליעב, טאָ לאָמיר טאָן אַ שידוך“.

„זעהר גוט, איך בין צופריעדען“, האָט געזאָגט שלום׳ס פאָטער, „אויב די קינדער זיינען צופריעדען“.

די עלטערן האָבען נאָכדעם גערעדט מיט זייערע קינדער און עס פאַרשטעהט זיך אַז ביידע, אי שלום, אי שולמית, זיינען געווען צו־פריעדען, און זיי זיינען געוואָרען חתן־כלה.

און ווייל זיי זיינען נאָך געווען יונג, און שלום האָט נאָך ניט גע־קענט פאַרדינען גענוג אויסצוהאַלטען אַ פרוי, האָט מען די חתונה אָפּ־געלייגט אויף שפּעטער, ביז שלום וועט קענען פאַרדיענען געלד.

עס איז אַוועק אַ יאָהר, צוויי, און שלום׳ס פאָטער האָט געזאָגט צו זיין זוהן: —

„מיין זוהן! די שטאָדט וואו מיר וואוינען איז זעהר אַן אָרימע. דאָ וועסטו קיין באַשעפטיגונג ניט געפינען. געה אין דער ווייטער וועלט ביז דו וועסט געפינען אַן אָרט וואו דו וועסט קענען פאַרדיענען, און

דאַן וועסטו קענען ברענגען דיין כלה צו זיך און דו וועסט מיט איהר חתונה האָבען״.

שלום איז געווען צופריעדען צו פאָהרען ווייט אַוועק און זוכען זיין גליק. און אַז ער האָט פון דעם דערצעהלט שולמית׳ן האָט זי זיך צו־וויינט.

„וואָס וויינסטו?״ האָט שלום געפרעגט.

„איך האָב מורא״, האָט זי געזאָגט, „אַז דו וועסט אַוועקפאָהרען אין אַ פרעמדער לאַנד וועסטו אויף מיר פאַרגעסען, און וועסט חתונה האָ־בען מיט אַן אַנדער מיידעל״.

„איך וועל דאָס ניט טאָן. איך גיב דיר מיין וואָרט אויף דעם״.

„אַ וואָרט איז ניט גענוג, אַ מענש קען אַמאָל אויף זיין וואָרט פאַרגעסען״, האָט שולמית געזאָגט. „איך וויל האָבען אַז דו זאָלסט דיין וואָרט מיר געבען פאַר עדות״.

אָבער זיי האָבען זיך דאַן געפונען ביינאַכט אין אַ גאָרטען, און קיין מענש האָט זיך געפונען אַרום. נעבען זיי האָט זיך געפונען אַ קאַץ וועלכע איז געשלאָפען ביי אַ ברונען.

„זאָלען די קאַץ און דער ברונען זיין אונזערע עדות״, האָט שלום געזאָגט, „אַז איך וועל מיט קיין אַנדערע חתונה האָבען נאָר מיט דיר״.

שולמית איז יעצט געווען צופריעדען, און אויף מאָרגען איז שלום אַוועק אין זיין ווייטען וועג, און עס האָבען איהם געבענשט שולמית, זיינע עלטערן און אויך די עלטערן פון שולמית.

פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאַנד צו לאַנד איז שלום געגאַנגען ביז ער איז אָנגעקומען צו אַ רייכען פאַרמער, וועלכער האָט גראַדע געזוכט אַרבייטער. שלום איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען, און זעהענדיג אַז ער איז גוט און אָרענטליך, האָט דער פאַרמער איהם שפּעטער גע־מאַכט פאַר דעם אויפזעהער איבער אַלע אַרבייטער.

שלום האָט געוואוינט אין דער הויז פון זיין בעל הבית, וועלכער איז געווען שוין אַן אַלטער מאַן און האָט געהאַט איין איינציגע טאָכ־טער, וואָס האָט געפיהרט די הויז ווירטשאַפט, ווייל דער פאַרמער איז געווען אַן אלמן. שלום האָט געהאַט דעם בעסטען צימער אין הויז און

די טאָכטער פון זיין בעל הבית פלעגט זיין צימער יעדען טאָג באַציערען מיט פרישע בלומען.

איינמאָל האָט דער פאַרמער געזאָגט צו שלום׳ען:

„הער צו, יונגער מאַן, איך זעה אַז דו ביזט אַ גוטער און אַן אָרענט־ליכער בחור און מיין טאָכטער האָט דיך ליעב. איך בין שוין אַלט און קען לאַנג ניט לעבען, דאַרום וויל איך מיין טאָכטער חתונה מאַ־כען מיט דיר, איידער איך געה אַוועק פון דער וועלט“.

שלום האָט געוואָלט דערצעהלען אַז ער האָט אַ כלה אין דער היים



און אַז ער האָט צוגעזאָגט צו חתונה האָבען מיט איהר און מיט קיין אַנדערער. אָבער גראַדע אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען דעם פאַרמער׳ס טאָכטער, און דער פאַרמער האָט גענומען איהר האַנד און האָט עס אַריינגעלייגט אין שלום׳ס האַנד און נאכדעם האָט ער זיי גע־בענשט.

אַ וואָך שפעטער איז געוועזן די חתונה, און אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה איז דער פאַרמער געשטאָרבען, און שלום איז געוואָרען דער בעל הבית איבער אַלע זיינע גיטער.

אַהיים האָט שלום ניט געשריבען וועגען דעם וואָס ער האָט חתונה

געהאַט. ער האָט זיך געשעהמט פאַר זיין פאָטער, און ער האָט ניט געוואָלט ערגערען שולמית'ן. מיט דער צייט האָט ער זיך אין גאַנצען פאַרגעסען אויף זיין אַלטער היים און אויף שולמית'ן. זיין פרוי האָט איהם געבוירען צוויי שעהנע קינדער, אַ אינגעלע מיט אַ מיידעלע, און ער האָט זיי שטאַרק ליעב געהאַט.

איינמאָל, אין אַ שעהנעם פאַרנאַכט, ווען די זון האָט געהאַלטען אין אונטערגעהן, איז שלום געזעסען מיט זיין פרוי ביי דער טיהר פון זייער הויז און זיך צוגעקוקט ווי זייערע קינדער שפּיעלען זיך נעבען אַ ברונען וואָס האָט זיך געפונען ביי זייער הויז. די קינדער האָבען געשטיפט און געלאַכט און זיך איינע די אַנדערע געשטופּט, און זיך געקייקעלט איבער'ן גראָז.

פלוצלונג איז אָנגעקומען אַ קאַץ און זי האָט איינע פון די קינדער אַ ביס געטאָן. דאָס אַנדערע קינד, אַנטלויפענדיג פון דער קאַץ, איז אַריינגעפאַלען אין ברונען. שלום האָט דאָס קינד אַרויסגעשלעפּט פון ברונען און אַריינגעטראָגען אין הויז. ביידע קינדער זיינען שטאַרק קראַנק געוואָרען. מען האָט גערופען אַ דאָקטאָר, אָבער ער האָט זיי ניט געקענט היילען.

„איינער פון אונז מוז זיין זינדיג", האָט די פרוי געזאָגט צו שלום'ען. „לאָמיר בעטען גאָט אַז ער זאָל אונז מוחל זיין און ניט שטראָפען אונזערע קינדער פאַר אונזערע זינד".

דאַן האָט זיך שלום דערמאָנט אָן זיין שבועה וואָס ער האָט גע־געבען פאַר די צוויי עדות, די קאַץ און דעם ברונען, אַז ער זאָל ניט חתונה האָבען מיט קיין אַנדערער ווי שולמית.

ער האָט זיך יעצט באַדענקט וואָס פאַר אַ זינד ער האָט באַגאַנגען געגען שולמית'ן, און האָט פאַרשטאַנען אַז די קאַץ און דער ברונען זיינען די עדות וואָס האָבען איהם דערמאָנט אָן זיין פאַרשפרעכען.

שלום איז געוואָרען זעהר אומעדיג. ער האָט געקוקט אויף זיינע קינדער וועלכע זיינען געלעגען קראַנק און האָט ניט געוואוסט ווי זיי צו העלפען.

„ווארום ביזטו אַזוי פאַרצווייפעלט?" האָט זיין פרוי געפרעגט.

שלום האָט איהר דאַן דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פון זיין געוועזענער כלה שולמית, און די שבועה וואָס ער האָט איהר געגעבען פאַר די צוויי עדות.

„מיר מוזען זיך גט׳ען און דו מוזט צוריקנעהמען דיין כלה", האָט די פרוי געזאָגט.

„ווי קען איך?" האָט שלום געפרעגט. „מיר האָבען דאָך קינדער".

„דאַן מוזטו פאָהרען צו איהר און וואָס זי וועט דיר זאָגען זאָלסטו טאָן", האָט די פרוי געזאָגט.

שלום איז געפאָהרען צו שולמית׳ן, אָבער זי האָט איהם מוחל געווען אויף זיין פאַרשפּרעכען וואָס ער האָט געבראָכען, און זי האָט איהם געהייסען פאָהרען צוריק צו זיינע קינדער און זיין פרוי.

און ווען שלום איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט ער געפונען זיינעביידע קינדער געזונד.

---

## די פּרינצעסין און די דיענסט

אַמאָל איז געווען אַ פּרינצעסין, איז זי געווען אַזוי שעהן, דאָס צו איהר שעהנהייט איז גאָר קיין גלייכען געווען.

האָט פון איהר געהערט אַ גרויסער קעניג וועלכער האָט געוואוינט אין זעהר אַ ווייטע לאַנד, און ער האָט געשיקט אַ בריעף צו איהר פאָטער, אַז ער זאָל שיקען זיין טאָכטער צו איהם, און זי זאָל ווערען די פרוי פון זיין איינציגען זוהן און יורש עצר.

די עלטערן פון דער פּרינצעסין איז דער שידוך זעהר געפעלען געוואָרען, און זיי זיינען געווען העכסט צופרידען צו שיקען זייער טאָכטער אין יענעם לאַנד וואו זי וועט אַמאָל ווערען אַ קעניגין.

דער וועג איז געווען זעהר אַ ווייטער. האָט מען דער פּרינצעסין געגעבען צוויי שטאַרקע פערד, און אַ דיענסט וועלכע זאָל מיט איהר פאָהרען צו איהר חתן אין דעם ווייטען לאַנד.

דער פאָטער האָט איהר געבענשט, און די מוטער האָט זעהר ביטער געוויינט. זי האָט געוואוסט אַז איהר טאָכטער וועט שוין קיינמאָל צוריק קומען צו איהר פון יענעם לאַנד.

„איין זאך וויל איך דיר אָנזאָגען, מיין טאָכטער, אז דו זאָלסט ניט פארגעסען", האָט די קעניגין געזאָגט צו דער פרינצעסין, „אז א פרוי וואָס קען גוט קאָכען און באַקען וועט האָבען א גליקליכען לעבען מיט איהר מאַן. דאַרום זאָלסטו ניט פאַרגעסען וואָס איך האָב דיך געלערנט קאָכען און באַקען".

„זעהר גוט, ליעבע מוטער", האָט די פרינצעסין געענטפערט. „איך וועל דאָס ניט פאַרגעסען".

זיינען זיי געפאָהרען און געפאָהרען, די פרינצעסין מיט איהר דיענסט, איבער פעלדער און וועלדער. און ווען זיי זיינען שוין געווען גאַנץ ווייט פון דער היים, האָט די פרינצעסין געזאָגט צו איהר דיענסט:

„זיי אַזוי גוט, קריך אַרונטער פון פערד און ברייננ מיר א טרונק וואַסער פון טייך. איך בין זעהר דאָרשטיג".

„ניין, איך געה ניט", האָט די דיענסט געענטפערט. „געה אַליין אַרונטער און נעהם זיך א טרונק וואַסער".

איז די פרינצעסין אַרונטער פון פערד, איז צוגעגאַנגען צום טייך און האָט זיך אָנגעטרונקען.

נאָכדעם זיינען זיי ווייטער געפאָהרען, ביז די פרינצעסין איז ווי־דער דאָרשטיג געוואָרען.

„טו מיר א טובה", האָט די פרינצעסין ווידער געבעטען, „גיב מיר א טרונק וואַסער".

אָבער די דיענסט האָט ווידער ניט געוואָלט פאָלגען, און זי האָט גראָב געענטפערט:

„מעהר וויל איך דיך ניט פאָלגען, און מעהר וויל איך דיך ניט באַדיענען".

די פרינצעסין האָט עס שטאַרק געקרענקט וואָס איהר דיענסט איז צו איהר אַזוי שלעכט. האָט זי געוואָלט וויינען אויס פאַרדרוס. אָבער זי האָט איהרע טרערען איינגעהאַלטען. זי איז אַרונטער פון איהר פערד און איז צוגעגאַנגען צום טייכעל.

די דיענסט איז אויך אַרונטער פון איהר פערד און איז אויך צו־געגאַנגען צום טייכעל, און ווען זי האָט געזעהן ווי די פרינצעסין האָט

אָנגעשעפּט וואַסער פון טייך מיט אַ קריגעל, האָט זי אויסגערופען:
„גיב מיר אויך אַ טרונק! גיב מיר צוערשט!"

„פאַר וואָס קומט דיר צוערשט?" האָט די פּרינצעסין געפרעגט.
„ניט געגוג וואָס דו ווילסט מיך ניט באַדיענען, באַליידיגסטו מיך און דו ווילסט אַז איך זאָל דיך באַדיענען. פאַרגעס ניט אַז איך בין אַ פּרינ־צעסין און דו ביזט מיין דיענסט".

„עס איז ניט אמת", האָט די דיענסט געזאָגט, „איך בין די פּרינ־צעסין און דו ביזט די דיענסט. דו מוזט מיך באַדיענען און פאָלגען אַלעס וואָס איך הייס דיר, אַז ניט הרג'ע איך דיך אויפ'ן אָרט."

די פּרינצעסין האָט זיך דערשראָקען און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען. און די דיענסט האָט איהר געזאָגט:

„דעם ערשטען באַפעהל וואָס איך גיב דיר איז אַז דו זאָלסט אַראָב־נעהמען פון זיך דיינע קליידער און אָנטאָן מיינע".

„און אויב איך וועל דיך ניט פאָלגען, וואָס וועט זיין?" האָט די פּרינצעסין געפרעגט.

„אויב דו וועסט מיך ניט פאָלגען", האָט די דיענסט געענטפערט, „וועל איך צונעהמעןביידע פערד און איך וועל דיך איבערלאָזען דאָ איינע אַליין, אין מיטען וואַלד".

נו, האָט די פּרינצעסין געמוזט פאָלגען. אין צעהן מינוטען צייט האָט די דיענסט אויסגעזעהן ווי אַ פּרינצעסין און די פּרינצעסין האָט אויסגעזעהן ווי אַ דיענסט.

„און יעצט זאָג איך דיר", האָט די דיענסט ווייטער גערעדט, „דאָס דיין לעבען איז אין געפאַהר אויב דו וועסט אויסריידען אַ וואָרט וועגען דעם צו אימיצען. געדענק! איך בין יעצט די פּרינצעסין און דו ביזט מיין דיענסט".

און אַזוי זיינען זיי ווייטער געפאָהרען, ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו דער שטאָדט וואו עס האָט געוואוינט דער פּרינץ צו וועמען זיי זיינען געפאָהרען.

זיי האָבען זיך געמעלדעט אין קעניג'ס פּאַלאַסט. דער קעניג האָט

די דיענסט אָוועקגעזעצט ביי זיין רעכטער האַנד, און די פרינצעסין האָט ער געשיקט אין קיך צו אַרבייטען מיט די דיענסטען.

נאָכדעם האָט דער קעניג געשיקט נאָך זיין איינציגען זוהן, דעם פרינץ, און האָט איהם פאָרגעשטעלט זיין כלה. און דער פרינץ האָט אויך אָנגענומען די דיענסט פאַר אַ פרינצעסין.

מען האָט געמאַכט אַ גרויסען מאָהלצייט, צו וועלכען מען האָט געלאדען די גרעסטע לייט פון לאַנד, אום זיי זאָלען קענען זעהן די כלה פון זייער פרינץ, זייער צוקינפטיגע קעניגין. און צו דעם מאָהל־צייט האָט מען דערלאַנגט אַזעלכע געשמאַקע עסענס, וואָס קיינער, אפילו דער קעניג און דער פרינץ האָבען ביז יעצט פאַרזוכט.

„ווער האָט דאָס געבאַקט דיזע געשמאַקע קוכענס?" האָט דער פרינץ געפרעגט ביים טיש.

„דאָס האָט געבאַקט די דיענסט וואָס דיין כלה האָט מיטגעבראַכט", האָט דער קעניג געענטפערט. „איך האָב איהר געשיקט צו אַרבייטען אין קיך".

יעדען טאָג האָט דער פרינץ געפאָדערט אַז מען זאָל איהם געבען נאָר די עסענס וואָס די נייע קעכין האָט געקאָכט, און וואָס מעהר ער האָט געגעסען אַלץ גרעסער איז געווען זיין צופרידענהייט. און איינ־מאָל, אַז ער האָט געדאַרפט דורכגעהן די קיך, האָט ער געכאַפּט אַ בליק אויף דער נייער קעכין, אָבער ווייל ער איז געווען אַ פרינץ האָט איהם ניט געפּאַסט צו ריידען צו איהר. ער האָט אָבער באַמערקט אַז זי איז זעהר אומעדיג און ווען זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי אַ זיפץ געטאָן.

האָט ער וועגען דעם געפרעגט זיין כלה.

„זי זיפצט", האָט די פאַלשע פרינצעסין געזאָגט, „ווייל זי איז אַ שלעכטע און פאַרגינט מיר ניט מיין לעבען. זי האָט זיך איינמאָל איינ־גערעדט אַז זי איז די פרינצעסין און איך בין איהר דיענסט. זי איז משוגע".

„אָבער זי קאָכט אַזוי גוט", האָט דער פרינץ געזאָגט, „מיר וועלען זי אימער האַלטען ביי אונז. זי איז אַ זעלטענע קעכין".

דער פרינץ האָט ניט באַמערקט ווי זיין כלה האָט זיינע ווערטער ניט געוואָלט ליידען.

אויף מאָרגען אַז דער פרינץ האָט געגעסען זיין פריהשטיק האָט ער זיך ניט געקענט אָבוואונדערען וואָס דער עסען איז שטאַרק איבער־געזאַלצען און עס איז פאַרברענט. ער האָט אָנגעפרעגט ווער עס האָט זיין פריהשטיק געקאָכט, און ער האָט באַקומען אַן ענטפער אַז דאָס האָט געקאָכט די דיענסט וואָס זיין כלה האָט געבראַכט. דער פרינץ איז געוואָרען בייז און האָט געהייסען ברייננגען די דיענסט פאַר איהם.

„וואָס זאָל דאָס באַדייטען וואָס דער עסען איז אַזוי פאַרדאָרבען היינט?" האָט ער געפרעגט.

די דיענסט האָט ניט געענטפערט. זי האָט געוואוסט ווער עס האָט דעם עסען פאַרדאָרבען, אָבער זי האָט מורא געהאַט צו זאָגען. איז זי געשטאַנען שטום, און פון איהרע אויגען האָבען זיך געגאָסען טרעהרען וועלכע זיינען געפאַלען אַזוי ווי ליכטיגע פערל, און צו דער זעלבער צייט זיינען איהרע צעפ צופאַלען און זיינען געבליבען היינגען אויף איהרע שולטערן. און אַז דער פרינץ האָט געזעהן איהרע גאָל־דענע האָאָר, האָט די דיענסט באַקומען ביי איהם אַן אַנדער פנים.

„ווער ביזטו?" האָט ער געפרעגט. „דו ביזט ניט אַ דיענסט. איך קען שווערען דאַרויף. זאָג מיר ווער דו ביזט, און איך פאַרזיכער דיר אַז קיין שלעכטס וועט דיר געשעהן".

דאַן האָט זי געעפענט איהר מויל און האָט איהם אַלעס דערצעהלט. דעם זעלבען טאָג האָט דער פרינץ חתונה געהאַט מיט דער אמת׳ער פרינצעסין און די פאַלשע האָט ער ארויסגעשיקט פון לאַנד.

---

## אַ באָק בלייבט אַ באָק

אַ פאַרמער וועלכער האָט געוואוינט אין דאָרף, האָט געהאַט אַ זוהן וועלכען ער האָט געשיקט אין דער גרויסער שטאָדט צו לערנען אין אוניווערזיטעט. ווען דער זוהן האָט געענדיגט זיין שטודיום, איז ער געקומען אַהיים, און דער פאָטער האָט לכבוד איהם געמאַכט אַ

גרויסען מאהלצייט פאר אלע איינוואוינער פון דעם דארף, און אויך פאר זיינע פריינד פון די ארומיגע דערפער.

אלע האבען זיך גוט אמוזירט ביי דעם טיש, וועלכער איז געווען געגרייט מיט זעהר געשמאקע עסענס. און אלע האבען באוואונדערט דעם יונגען מאן וועלכער איז געווען געקליידט ווי א גרויסשטאדטיגער מענש אין פיינע, עלעגאנטע קליידער. דער יונגער מאן האט זיי דער־צעהלט געשיכטען פון דעם לעבען אין דער גרויסער שטאדט, און דאס איז געווען זעהר אינטערעסאנט צו הערען. צום סוף האט ער געזאגט צו די פארזאמעלטע: „ווילט איהר אז אייערע קינדער זאלען זיין וויכ־טיגע מענשען, דאן שיקט זיי אין דער גרויסער שטאדט צו שטודירען. אין אוניווערזיטעט באקומט מען די ריכטיגע ערציהונג. עס קומען אהין אן קעלבער, פערד, אקסען און אייזלען און זיי ווערען דארט מענ־שען, וויכטיגע לייט“.

צווישען די געסט איז געזעסען אן אלטער פארמער מיט זיין פרוי, און ווען ער האט געהערט דעם יונגען מאן'ס רייד, האט ער געזאגט צו זיין פרוי:

„ווי גוט וואלט געווען ווען מיר וואלטען געהאט קינדער. מיר וואלטען אויך געקענט שיקען א זוהן אין אוניווערזיטעט, און מיר וואל־טען פון איהם געקענט נחת האבען. אבער אזוי ווי מיר זיינען אהן קינדער, איז שלעכט“.

אזוי האט זיך באקלאגט דער פארמער, אבער די פארמערקע האט איהם געטרייסט:

„דו האסט דאך אבער געהערט וואס דער יונגערמאן האט געזאגט, אז אין אונווערזיטעט קומען אן קעלבער, פערד, אקסען און אייזלען און זיי ווערען אויך לייטישע מענשען. טא לאמיר אוועקשיקען אהין אונזער באק. מיר האבען סיי ווי קיין נוצען פון איהם. און די שכנים קלאגען זיך כסדר אויף איהם אז ער שטויסט זייערע קינדער מיט די הערנער“.

„דאס איז א גוטער פלאן“, האט דער פארמער געזאגט. „מיר ווע־לען טאן אזוי ווי דו האסט געזאגט. אבער מיר דארפען דאס האלטען בסוד און קיינעם ניט דערצעהלען פון אונזער פלאן. ווען אונזער באק

וועט אויסשטודירען און קומען צוריק אַהיים, וועלען מיר מאַכען פאַר איהם אַ גרויסען מאָהלצייט און איהם פאָרשטעלען פאַר די געסט אַלס אונזער זוהן".

נאָך איז דער זעלבער וואָך האָט דער פאַרמער צוגעקליבען זיין באָק אין וועג אַריין. די פאַרמערקע האָט איהם אַרומגעוואַשען, אויסגעפוצט זיין בערדיל און זיינע הערנער, אַזוי אַז ער זאָל אויסזעהן ווי אַ לייטישער באָק. אין זיין בעסטען וואָגען האָט דער פאַרמער דעם באָק אַריינגעלייגט און איהם איבערגעדעקט מיט אַ טוך, אַז קיינער אין דאָרף זאָל ניט מערקען מיט וועמען ער פאָהרט אין דער גרויסער שטאָדט.

קומענדיג אין דער גרויסער שטאָדט האָט זיך דער פאַרמער נאָכגעפרעגט, וואו עס געפינט זיך דער אוניווערזיטעט. און אַז ער איז געקומען צום פלאַץ, האָט ער פאַר זיך געזעהן אַ גרויסע, מורא'דיגע הויז, און ביים טויער איז געשטאַנען אַ דיענער.

„איז דאָס דער גרויסער אוניווערזיטעט?" האָט דער פאַרמער געפרעגט.

„יאָ", האָט דער דיענער געענטפערט. „וואָס פאַרלאַנגט איהר?"

„איך האָב געהערט זאָגען", האָט דער פאַרמער געענטפערט, „אַז דאָ נעהמט מען אַריין פערד, אָקסען און אייזלען און מען מאַכט זיי פאַר לייטישע מענשען. וואָלט איך וועלען וויסען אויב איהר קענט אַריינגעהמען אַ באָק?"

דער דיענער האָט איהם אָנגעקוקט. ער האָט געמיינט אַז דער פאַרמער מאַכט שפּאַס פון איהם, אָבער זעהענדיג אַז ער מיינט גאַנץ ערנסט, האָט דער דיענער געפרעגט:

„וואו איז דער באָק?"

„איך האָב איהם דאָ אין מיין וואָגען", האָט דער פאַרמער געענטפערט, און ער האָט אַרויסגעשלעפּט דעם באָק פון וואָגען און געפרעגט: „קען איך איהם דאָ אַריינגעבען אין אוניווערזיטעט?"

„איהר קענט איהם דאָ איבערלאָזען", האָט דער דיענער געענטפערט,

„אָבער איהר מוזט אויך איבערלאָזען געלד אויף אַ וואוינונג פאַר איהם און אויף עסען".

„מעהר ווי צוויי הונדערט דאָלאַר האָב איך ניט ביי זיך", האָט דער פאַרמער געזאָגט. „אפשר וועט דאָס זיין גענוג?"

„עס איז ניט פיעל, אָבער עס וועט זיין גענוג", האָט דער דיענער געענטפערט.

„און ווען וועט דער באָק ענדיגען?" האָט דער פאַרמער געפרעגט.

„אין פינף יאָהר אַרום", האָט דער דיענער געענטפערט. „וואָס ווילט איהר זאָל ער זיין? אַן אַדוואָקאַט אָדער אַ דאָקטאָר?"

„אַ דאָקטאָר", האָט דער פאַרמער געענטפערט.

דער פאַרמער האָט דעם דיענער אויסגעצאָהלט די 200 דאָלאַר און איז אַוועקגעפאָהרען אַהיים.

אַ האַלב יאָהר איז אַוועק און דער פאַרמער און זיין פרוי האָבען זיך געוואונדערט וואָס זיי הערען גאָרנישט פון דעם באָק. „אין אַ האַלב יאָהר צייט," האָט דער פאַרמער געזאָגט „האָט דער באָק זיך שוין געדאַרפט אויסלערנען שרייבען אַ בריעף. טאָ פאַר וואָס שרייבט ער אונז גאָר ניט?"

„וואָס ווילסטו?" האָט די פאַרמערקע גע'טענה'ט, „דער באָק איז נאָך אַ קינד. ער איז דאָך אין גאַנצען צוויי יאָהר אַלט. דער לערנען מוז איהם פאַלען שווער, און ער קען זיך ניט פאַרמאַטערען צו שרייבען בריעף צו אונז. מיר מוזען וואַרטען ביז ער וועט ענדיגען דאָקטאָר, און דאַן וועט ער קומען אַהער, צו אונז, און אַלע וועלען האָבען גרויס רעספעקט פאַר אונז".

די פינף יאָהר זיינען אַריבער. און דער פאַרמער מיט דער פאַרמערקע האָבען זיך גענומען גרייטען פאַר זייער באָק וואָס דאַרף באַלד צוריק קומען אַ ריכטיגער דאָקטאָר.

זיי האָבען איהם ערוואַרטעט יעדען טאָג, אָבער עס איז אַריבער אַ לאַנגע צייט און דער דאָקטאָר באָק איז ניט געקומען.

„איך האָב מורא", האָט די פאַרמערקע געזאָגט, „אַז אונזער באָק

איז יעצט געוואָרען ביי זיך זעהר שטאָלץ און איהם פאסט שוין מעהר ניט מיט אונז זיך צו קענען".

„מעגליך אז דו האסט רעכט", האט דער פארמער געזאגט. „איך וועל אריבערפאָהרען אין שטאָדט און אליין אויסגעפינען".

„איך וועל אויך פאָהרען מיט דיר", האט די פארמערקע געזאָגט.

קומענדיג אין שטאָדט זיינען זיי אוועק צום אוניווערזיטעט. דער דיענער האט דעם פארמער גלייך דערקענט. „אייער באָק זייט איהר געקומען זוכען?" האט דער דיענער געזאָגט. „ער האט זיך געענדערט זיין נאָמען אויף עלעפאנט, און ער וואוינט אין יענער גרויסער הויז, אויף דער אנדער זייט גאס".

אין יענער הויז האט ווירקליך געוואוינט א דאָקטאָר וועמעס נאָמען איז געווען „עלעפאנט", און גראדע אין יענעם טאָג זיינען ביי דאָקטאָר עלעפאנט געווען פיעלע פאציענטען. דער פארמער מיט דער פארמער־קע זיינען אהין אריין און האבען ביידע ארומגעחאפט דעם דאָקטאָר און איהם גענומען באוואונדערען:

„זעה, ווי דער באָק איז אויסגעוואקסען! ער איז דאָך געוואָרען א גאנצער מענש!"

„ווי פעט און גרויס איז ער! זעה, ער האט זיך פארלאָזען א בייכעל! און דאָך, שיינט ער צו זיין זעהר עהנליך צו זיין פריהערדיגען אויסזעהן. די זעלבע שווארצע האָר, די זעלבע בערדיל."

„ווארפט ארויס די משוגעים!" האט דער דאָקטאָר א געשריי גע־טאָן צו זיינע דיענער.

און די דיענער האבען דעם פארמער מיט דער פארמערקע ארויס־געשטופט פון הויז.

„אָט אזוי האט דער באָק אונז באצאָהלט פאר אל דאָס גוטס וואָס מיר האבען מיט איהם געטאָן," האט די פארמערקע געקלאָגט.

„א באָק בלייבט א באָק", האט דער פארמער געענטפערט. „מען גיט איהם עסען און טרינקען און אן אָרט צו שלאָפען, און ער שטויסט דערפאר מיט זיינע הערנער".

## דעם קעניג'ס פריינד.

אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, האָט געלעבט אַ גרויסער מלך. און דער מלך איז געווען זעהר אַ גוטער. ער האָט זעהר שטאַרק ליעב געהאַט זיין פאָלק און זיין פאָלק האָט איהם אויך ליעב געהאַט, און ביי יעדער געלעגענהייט האָבען איהם אַלע געזוכט אַרויסצוצייגען זייער טרייהייט.

איינמאָל האָט דער מלך זיך דערוואוסט אַז אַן אַנדער מלך פאָהרט מיט אַ גרויסער פלאָטע שיפען און סאָלדאַטען, מיט איהם מלחמה צו האַלטען און פאַרנעהמען זיין קעניגרייך. דער קעניג האָט שנעל צוזאַמענגענומען זיין חיל און האָט זיי געהייסען זיך זעטצען אויף זיינע קריעגסשיפען. און אליין איז דער קעניג אויך מיט זיי געגאַנגען אום מלחמה צו האַלטען מיט דעם שונא.

דער קעניג האָט גענומען אָבשייד פון זיינע מיניסטאָרען, און האָט די רעגיערונג איבערגעגעבען צו זיין פרעמיער, וועלכער איז אויך געווען זיין שוויגער־פאָטער. זינאַאידאַ, די שעהנע טאָכטער פון דעם פרעמיער, איז דעם קעניג איינמאָל אַזוי געפעלען געוואָרען דאָס ער האָט זי גענומען פאַר אַ פרוי.

די גאַנצע שטאָדט האָט באַגלייט דעם קעניג צום ברעג ים, און אַלע האָבען איהם געשוואָרען טרייהייט און געוואונשען צוריק צו קומען אַלס זיעגער איבער דעם שונא.

זינאַאידאַ איז געפאלען דעם קעניג אויפ'ן האַלז און געזאָגט אַז זי וועט זיך זעהר פרעהען ווען ער וועט צוריק קומען.

אַ לאַנגע צייט איז אַריבער זייט דער קעניג איז אַוועק און מען האָט פון איהם ניט געהערט קיין זאַך און קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס פון איהם איז געוואָרען.

איינמאָל האָט זיך ביים טויער פון דער שטאָדט באַוויזען אַן אָרים געקליידעטער מאַן און האָט געזאָגט צום היטער פון טויער: „לאָז מיך אריין. איך האָב אַ באַריכט פון קעניג".

דער וועכטער האָט איהם אָנגעקוקט און זעהענדיג זיינע צוריסענע קליידער, האָט ער געזאָגט: „איך קען ניט גלויבען אַז דער קעניג זאָל

שיקען זיין באריכט דורך אזא אבגעריסענעם ארימען מענשען ווי דו ביזט".

„איך בין דער קעניג אליין" האט דער אבגעריסענער מאן אויסגע־רופען. דער שונא האט צוגענומען מיינע שיפען, אויסגע'הרג'עט מיינע סאלדאטען, און יעצט קומט ער הערשען אין דיזען לאנד".

„אויב אזוי", האט דער וועכטער געזאגט, „מוז איך געהארכען דעם נייעם קעניג און איך קען דיך ניט ארייגלאזען ".

דער מלך איז אוועק און זיך באהאלטען אין א וואלד. ווען עס איז געווארען נאכט איז דער קעניג צוריקגעקומען צו דער פעסטונג וואס האט ארומגערינגעלט די הויפט שטאדט און האט אויסגעפינען א שטילען ארט וואו עס איז איהם געווען לייכט אריבערצוקלעטערען די וואנד.

דער ארט אין וועלכען ער איז אריינגעקומען איז געווען א שעהנער גארטען נעבען דעם פאלאסט פון איינעם פון די רייכסטע מענשען פון שטאדט. דער מלך האט א קוק געטאן אויפ'ן פאלאסט און האט גע־זעהן אז אלע צימערען זיינען געווען העל באלויכטען מיט הונדערטער ליכט. דער רייכער מאן פון דער שטאדט האט געגעבען א באל.

דער מלך איז אריינגעקומען און ווען די פערזאמעלטע געסט און דער בעל הבית פון דער הויז האבען דערזעהן אן ארימאן שטעהן אין טהיר, זיינען זיי פארציטערט געווארען, דען זיי האבען אין איהם דער־קענט זייער קעניג.

דער מלך האט זיי דערצעהלט די זעלבע זאך וואס ער האט דער־צעהלט דעם וועכטער ביים טויער, אז דער שונא האט איהם באזיעגט און קומט יעצט קעניגען אין זיין לאנד.

א ווײלע האבען אלע געשוויגען. נאכדעם האט דער בעל הבית געזאגט צום קעניג:

„אויב אזוי, ווילען מיר זיך ניט איינרייסען מיט דעם נייעם קעניג. מיר ווילען ניט איינשטעלען אונזער לעבען אין געפאהר, און דארום וועלען מיר אייך לאזען אנטלויפען און רעטען אייער לעבען"

„קענט איהר מיך לאָזען איבערנעכטיגען די נאַכט אין אייער הויז?“ האָט דער מלך געפרעגט.

„ניין!“ האָט דער רייכער מאַן געזאָגט. „אַנטלויפט פון דאַנען וואָס שנעלער“.

דער מלך איז אַוועק און דער רייכער מאַן האָט אָנגעשריען אויף די דיענער דערפאַר וואָס זיי האָבען איהם אַריינגעלאָזען.

ווייטער און ווייטער איז דער מלך געגאַנגען ביז ער איז אָנגעקומען ביי דער הויז פון זיין פרעמיער, דער פאָטער פון זיין פרוי, די מלכה זינאַאידאַ.

דאָ האָט דער מלך באַקומען אַ פריינדליכע אויפנאַמע. זיין פרוי און זיין שוויגער־פאָטער האָבען איהם זעהר וואַרם אויפגענומען, און איהם געזאָגט אַז זיי וועלען איהם באַשיצען מיט אַלע מעגליכקייטען. אַזוי ווי דער מלך איז געווען זעהר מיעד, האָט ער געבעטען אַז מען זאָל איהם געבען אַ צימער וואו ער זאָל זיך קענען לייגען שלאָפען.

נאָכדעם ווי ער האָט דעם צימער באַקומען האָט זיך דער קעניג אַוועקגעלייגט. ער איז אָבער ניט געשלאָפען.

ער איז געלעגען און זיך צוגעהערט, און באַלד האָט ער געהערט ווי זיין שוויגער־פאָטער דעם פרעמיער זאָגט:

„יאָ, מיין טאָכטער, ער מוז שטאַרבען דיין מאַן. מיר טאָרען איהם ניט לאָזען לעבען. דער נייער קעניג וועט אונז טויטען אויב מיר וועלען איהם לאָזען לעבען. אָט מיט דיזען שפיעז וועל איך איהם דערשטעכען אין זיין שלאָף“.

„אָבער ער ליעבט מיך און איך ליעב איהם“, האָט זינאַאידאַ געזאָגט.

„ווען דער נייער קעניג וועט דיך דערזעהן וועט ער דיך אויך ליעב באַקומען און דו וועסט ווידער ווערען אַ קעניגין“, האָט דער פרעמיער געענטפערט.

דער קעניג איז אַרויס פון זיין בעט און האָט זיך באַהאַלטען אין אַ ווינקעל. באַלד האָט ער געהערט ווי עס איז אַריינגעקומען זינאַאידאַ'ס פאָטער. זעהן האָט ער איהם ניט געקענט, ווייל אין דעם צימער איז געווען זעהר פינסטער.

זינאַאידאַ׳ס פּאַטער האָט דעם שפּיעז אַריינגעשטאָכען אין בעט, מיינענדיג אַז ער האָט דערשטאָכען דעם קעניג.

און דער קעניג איז גלייך נאָכדעם אַנטלאָפען פון דער הויז דורך אַ פענסטער.

ווייטער און ווייטער איז ער געגאַנגען, ביז ער איז געקומען צו דער הויז פון אַן אָרימען טעפּער. דער קעניג האָט אָנגעקלאַפּט און דער טעפּער, זעהענדיג אַ פרעמדען מאַן, האָט ער איהם געפרעגט וואָס ער פאַרלאַנגט.

„איך בין דער קעניג", האָט דער פרעמדער מאַן געזאָגט און איהם דערצעהלט די זעלבע געשיכטע.

„קום אַריין, גרויסער הערשער, אין מיין הויז", האָט דער אָרימער טעפּער געזאָגט, „איך וועל דיך באַשיצען. איך וועל מיין אייגענעם לע־בען אָבגעבען פאַר דיינעם. איך וועל דיך באַהאַלטען אין דעם זעלבען צימער וואו איך באַהאַלט מיין טייערסטען שאַטץ, מיין גאַנצען פאַר־באָרגענעם רייכטום".

„און וואָס באַשטעהט דיין רייכטום?" האָט דער קעניג נייגיעריג געפרעגט.

„מיין טאָכטער". און דער טעפּער האָט איהם געצייגט אַ בילד־שעהנע מיידעל, פון וועמעס געזיכט מען האָט געקענט זעהן אַז זי איז געווען אויך גוט און פרום.

„הער צו, מיין פריינד", האָט דער קעניג געזאָגט צום טעפּער, „איך האָב דיך בלויז געוואָלט פּרובירען. קיין נייער קעניג וועט ניט קומען אין לאַנד. איך האָב באַזיעגט דעם שונא און האָב ביי איהם צוגענומען זיין לאַנד. מאָרגען קומען אַהער אַריין מיינע סאָלדאַטען און דאַן וועלען אַלע וויסען אַז איך בין קעניג ווי געוועזן".

אויף מאָרגען איז אַזוי געשעהן. אַלע האָבען זיך דערוואוסט וואָס דער קעניג האָט זיי אָבגעטאָן, און ווי אַזוי ער האָט אויסגעפונען ווער עס זיינען זיינע פריינד און ווער ניט. דער סוף איז געווען אַז דער קעניג האָט אָבגעג׳גט זיין ווייב און האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכ־טער פון דעם אָרימען טעפּער.

# אַ צווייטער שלמה המלך

אַמאָל איז געווען אַ מאַן וואָס האָט געהאַט אַ פרוי און זיבעצן קינדער, אַלע אינגלעך. דער מאַן איז געווען זעהר אָרים און ער האָט ניט פאַרדיענט גענוג צו שפייזען זיין פאַמיליע, און אַלע האָבען געליטען גרוים נויט.

איינמאָל זאָגט דער מאַן: „צו וואָס זאָל איך זיצען אין דער היים און צוזעהן ווי מיין פרוי און קינדער פּלאָגען זיך? איך וועל אַוועקפאָהרען ערגעץ ווייט צו זוכען גליק. איך וועל נאָך אפשר רייך ווערען און דאַן וועל איך קומען צוריק אַהיים און מיר וועלען אַלע לעבען גליקליך.“

אַזוי האָט דער מאַן געזאָגט, און זיין פרוי האָט איינגעוויליגט אַז ער זאָל אַוועקפאָהרען אין ווייטע לענדער צו זוכען דעם גליק וועלכען ער האָט אין זיין אייגענעם אָרט ניט געקענט געפינען.

איידער דער מאַן איז אַוועקגעפאָהרען, האָט ער צו זיין פרוי געזאָגט: „איך וועל דיר ניט שרייבען ביז איך וועל גרייט זייט צוריק צו קומען צו אייך, אָדער ביז איך וועל אייך אַלעמען קענען נעהמען צו מיר“.

עס זיינען נאָכדעם אַוועק עטליכע יאָהר און די מוטער מיט די קינדער האָבען פון איהם גאָרנישט געהערט. די אָרימע פרוי האָט זיך דערוויילע ערנעהרט דורך וואַשען וועש און טהאָן פאַרשיעדענע הויז אַרבייט פאַר פרעמדע מענשען.

שווער האָט די אָרימע פרוי געאַרבייט פאַר איהרע קינדער, וועלכע האָבען קיין אַנדער ברויטגעבער געהאַט אויסער איהר. פון שווערע אַרבייט איז זי פון טאָג צו טאָג געוואָרען שוואַכער און שוואַכער. אָבער זי האָט זיך פאַר קיינעם ניט בעקלאָגט און האָט ווייטער געאַרבייט אום צו ערנעהרען איהרע קינדער, וועלכע זיינען געווען ביי איהר טהייערער פון איהר לעבען. און ביי וועלכער מאַמען זיינען דאָס די קינדער ניט אַזוי טהייער?

אָבער איין טאָג איז די שוואַכע, אויסגעאַרבייטע פרוי אַוועקגעפאַלען. זי האָט זיך געמוזט אַוועקלייגען אין בעט און איז פון דער בעט מעהר ניט אויפגעשטאַנען.

די זיבען קינדער זיינען געבליבען אַליין. זייער מוטער האָבען זיי פאַרלאָרען און וואו זייער פאָטער איז האָבען זיי ניט געוואוסט. עס וואָלט זיי זיכער אויסקומען צו הונגערען, אָבער איבעראַל געפינען זיך גוטע מענשען וואָס האָבען רחמנות אויף יתומים, און דיזע גוטע מענ־שען האָבען אויך רחמנות געקראָגען אויף די זיבען עלענדע קינדער און האָבען זיי געשפייזט און געהאָלפען מיט אַלעם.

די עלטערע פון די קינדער זיינען דערווייל אויסגעוואַקסען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו אַרבייטען און אַליין ערנעהרען זייערע קלענערע ברידער. זיי זיינען געווען צופרידען וואָס זיי דאַרפען ניט מעהר אָנקומען צו דער הילף פון פרעמדע מענשען. גאַנץ אָפט פלעגען זיי ריידען פון זייער פאָטער. זיי האָבען געגלויבט אין זיין פאַרשפּרעכען אַז ער וועט אַמאָל צו זיי צוריק קומען אָדער ער וועט נאָך זיי שיקען.

„ווען ער וואָלט נאָר געוואוסט אַז אונזער מוטער לעבט ניט מעהר וואָלט ער שוין לאַנג געלאָזט הערען פון זיך", האָט געזאָגט דער עלטס־טער פון די ברידער.

און דער פאָטער פון די זיבען קינדער האָט טאַקע ניט געוואוסט. ער האָט געמיינט אַז זיין פרוי לעבט נאָך. ער האָט זיך אַלץ געקליבען צו פאָהרען צוריק אַהיים, דען ער איז אין דער צייט זעהר רייך געוואָרען. אָבער יעדען מאָל ווען ער איז שוין געווען גרייט צו פאָהרען אַהיים, האָט ער חרטה בעקומען און געזאָגט :

„ניין, איך וועל דאָ פאַרבלייבען נאָך אַ יאָהר און אָנקלייבען מעהר געלד. איך וויל צוריק קומען זעהר אַ רייכער מאַן".

און אַזוי האָט זיך געצויגען פון יאָהר צו יאָהר. זיין לוסט צו מאַכען אַלץ אַ גרעסערען פאַרמעגען איז געוואַקסען. „וואָס לענגער זיי וועלען אויף מיר וואַרטען", האָט ער געזאָגט צו זיך, „אַלץ גרעסער וועט זיין זייער פרייד ווען איך וועל צוריקקומען".

איינמאָל האָט זיך איהם גע'חלום'ט אַז ער האָט געזעהען זיינע קינדער וויינען. און אַז ער איז אויפגעשטאַנען האָט איהם די האַרץ וועה געטהאָן. „וועה ווייס", האָט ער געזאָגט צו זיך, „אפשר וויינען

טאַקע מיינע קינדער. די האַרץ זאָגט מיר אַז זיי זיינען אין אַ גרויסען אומגליק״.

ער האָט ווידער גענומען זיך גרייטען אויף דער רייזע צו פאָהרען אַהיים, אָבער ער האָט גלייך ווידער חרטה באַקומען.

„איך זאָל פאָהרען צוריק אַהיים, ווען איך בין נאָך אימשטאַנד צו מאַכען אַזוי פיעל געלד?״ האָט ער צו זיך געזאָגט. „ניין, איך קען דעם פלאַטץ ניט פאַרלאָזען. איך וועל בעסער שרייבען מיין פרוי מיט מיינע קינדער אַז זיי זאָלען קומען אַהער און דאָ וועלען מיר אַלע מאַכען אונזער היים״.

האָט ער אַוועקגעשריבען אַ בריעף צו זיין פרוי, ניט וויסענדיג אַז זי איז שוין אויף דער וועלט ניטאָ. „קום צו מיר מיט די ליעבע קינדערלעך״, האָט ער געשריבען, „איך שיק דיר געלד אויף רייזע קאָסטען״.

דער בריעף איז אָנגעקומען צו די קינדער. זיי האָבען געוויינט און זיך געפרעהט. געוויינט האָבען זיי וואָס דער בריעף האָט זיי דערמאָנט אָן זייער אונגליקליכע מוטער, און געפרעהט האָבען זיי זיך וואָס זיי האָבען ענדליך געפונען זייער פאָטער.

די רייזע איז געווען אַ לאַנגע און עס האָט גענומען אַ פּאָאר וואָכען מיט אַ שיף.

פאָהרענדיג אויף דער שיף איז צו די זיעבען ברידער צוגעשטאַנען אַ יונגער מאַן, וועלכער איז געווען שעהן געקליידעט, און ער האָט מיט זיי גענומען ריידען און אויספרעגען וועגען זייער רייזע, וואוהין און צו וועמען זיי פאָהרען. דער עלטסטער פון די ברידער האָט איהם דערצעהלט דעם גאַנצען אמת אַז זיי פאָהרען צו זייער פאָטער וועלכען זיי האָבען ניט געזעהן שוין זייט פיעלע יאָהרען.

„איך פאָהר דאָך אויך צו איהם״, האָט דער פרעמדער יונגער מאַן אויסגערופען. „ער איז אויך מיין פאָטער״.

„אונזער פאָטער האָט געהאַט בלויז זיבען קינדער״, האָט דער עלטסטער פון די ברידער געזאָגט.

„ס'איז אַ ליגען!" האָט דער פרעמדער יונגער מאַן אויסגערופען. „ער האָט געהאַט אַכט און איך בין איינער פון זיי".

„דו ביזט אַליין אַ ליגנער!" האָט דער עלטסטער פון די ברידער געשריען. „וואַרט ביז מיר וועלען אָנקומען צום האַפען און אונזער פאָטער וועט שוין וויסען וועך עס זיינען זיינע ריכטיגע קינדער".

אַ וואָך שפּעטער איז די שיף געקומען צום האַפען און דער פאָטער איז געקומען אָבנעהמען זיינע קינדער. ווען די קינדער האָבען דער־זעהן זייער פאָטער האָבען זיי זיך אַלע געוואָרפען צו איהם קוסען. דער פרעמדער יונגער מאַן האָט איהם אויך געקוסט.

„פאָטער!" האָט דער עלטסטער פון די זיהן געזאָגט. „דיזער איז אַ שווינדלער וואָס האָט זיך אָנגעטשעפּעט צו אונז אויפ'ן וועג און שרייט אַז ער איז אויך דיינער אַ זוהן".

ווי קען דאָס זיין?" האָט דער פאָטער געפרעגט. „איך ווייס אַז איך האָב געהאַט בלויז זיעבען זיהן."

„מיר זיינען טאַקי בלויז זיעבען", האָט דער פרעמדער יונגער מאַן געזאָגט, „אָבער מיינע ברידער האָבען געגען מיר געמאַכט אַ פאַרשווע־רונג און זיי האָבען מיך אַרויסגעוואָרפען פון ברידערשאַפט און אַריינ־גענומען אַ פרעמדען יונגען מאַן אויף מיין אָרט. אָט דאָס איז ער", און ער האָט אָנגעצייגט אויף איינעם פון די אינגערע ברידער.

„מיר וועלען מוזען אַריינגעהן צו אַ ריכטער ער זאָל די זאַך ענט־שיידען", האָט דער פאָטער געזאָגט.

זיינען זיי געקומען פאַר אַ ריכטער, וועלכער האָט צוערשט אויס־געהערט אַלע טענות. נאָכדעם האָט דער ריכטער געמאַכט אַ שטרענ־גען פנים און געזאָגט צום פאָטער:

„איהר זייט אַ שלעכטער מענש! איהר האָט איבערגעלאָזען אייערע קינדער אין דער היים אַ לאַנגע צייט, וויסענדיג אַז זיי זיינען זעהר אָרים, און יעצט ווייל איהר האָט זיי אַ לאַנגע צייט ניט געזעהן, ווייסט איהר ניט וועך עס זיינען אייערע ריכטיגע קינדער, און וועך ניט. איהר פאַרדיענט אַ שטראָף, און איך וויל אַז די שטראָף זאָלען אייך פאַרטייי־

לען אייערע קינדער. יעדער איינער פון זיי זאָל אייך געבען א פּאַטש אין פּנים".

דער ריכטער האָט דאַן געהייסען דעם שווינדלער אַז ער זאָל געבען דעם ערשטען פּאַטש. דער שווינדלער האָט גלייך געפאָלגט. ער איז צוגעגאַנגען צו דעם מאַן וועמען ער האָט גערופען זיין פאָטער און האָט איהם דערלאַנגט א גרויסען פּאַטש.

„יעצט דו", האָט דער ריכטער געזאָגט צו דעם עלטסטען פון די זיבען.

„הערר ריכטער", האָט דער עלטסטער געזאָגט. איך קען אַזאַ זאַך ניט טאָן. ווי קען איך אויפהויבען א האַנד געגען מיין פאָטער?"

דער ריכטער האָט דאַן געהייסען די אַנדערע קינדער אַז זיי זאָלען פּאַטשען דעם פאָטער אין פּנים, אָבער קיינער האָט דעם ריכטער גע־וואָלט פאָלגען.

„יעצט זעה איך קלאָר", האָט דער ריכטער געזאָגט, „דער וואָס האָט מיך געפאָלגט און האָט דעם פּאַטש געגעבען איז א שווינדלער. א ריכטיגער זוהן וועט זיך קיינמאָל וואַגען אויפהויבען זיין האַנד געגען זיין פאָטער".

און אַלע וואָס האָבען דעם ריכטער'ס ענטשיידונג געהערט האָבען געזאָגט אַז ער איז א צווייטער שלמה המלך.

---

## די צוויי שכנים

אין א גאַנץ ווייטער לאַנד, אין גאַנץ אַלטע צייטען, האָבען גע־לעבט צוויי שכנים. איינער איז געווען זעהר רייך און דער אַנדערער איז געווען זעהר געלערנט. איז דער רייכער מאַן געווען זעהר שטאָלץ אויף זיין רייכטום און דער געלערנטער מאַן האָט שטאָלצירט מיט זיין וויסען. גאַנץ אָפט, אַז די שכנים פלעגען זיך באַגעגענען, פלעגען זיי אָנהויבען צו ריידען פון דעם, וועמען פון זיי איז בעסער. דער רייכער האָט געזאָגט אַז רייכטום איז בעסער, און דער געלעהרטער האָט געזאָגט אַז חכמה איז פיעל בעסער פון גאָלד און זילבער און פון אַלע טייערע שטיינער.

די צוויי שכנים האָבען זיך אזוי לאנג געקריעגט ביז עס איז ביי זיי געבליבען אַז זיי זאָלען געהן צום קעניג און דער קעניג זאָל צווישען זיי משפט׳ן און זאָגען וואָס איז בעסער אויף דער וועלט, חכמה אָדער געלד?

דער קעניג האָט זיי ביידען אויסגעהערט און נאָכדעם האָט ער אַזוי געזאָגט:

„בעסער פון אַלעמען איז דעם וועלכער האָט אי געלד, אי חכמה, אָבער אַזוי ווי איינעם פון אייך פעהלט שכל און דעם אַנדערן פעהלט געלד, איז מיר שווער אַרויסצוזאָגען אַ מיינונג. איז ביי מיר געבליבען אַז איך זאָל אייך שיקען מיט אַ בריעף צו דעם קעניג פון דער נאָהענטער לאַנד, וואָס גרעניצט זיך מיט מיין לאַנד, און זאָל ער משפט׳ן צווישען אייך ביידען".

מיט דעם בריעף וואָס דער קעניג פון זייער לאַנד האָט זיי געגעבען, זיינען די צוויי שכנים, דער רייכער און דער געלעהרטער, אַוועק צו דעם קעניג פון דאָס נאָהנטע לאַנד, און האָבען פאַר איהם פאָרגעלייגט זייערע טענות.

נאָכדעם ווי דער קעניג האָט זייערע טענות אויסגעהערט, האָט ער זיי געצייגט דעם בריעף וואָס זיי האָבען איהם געבראַכט, און אין דעם בריעף איז געווען געשריבען אַז דער קעניג זאָל זיי ביידען אראָבנעהמען די קעפּ.

„איך מוז די בקשה פון אייער קעניג ערפילען", האָט דער קעניג פון דאָס נאָהנטע לאַנד געזאָגט.

די צוויי שכנים האָבען זיך דערשראָקען.

„דו ביזט דאָך אַ חכם", האָט דער רייכער געזאָגט צו זיין שכן, „טאָ גיב עפּעס אַן עצה וואָס טהוט מען? ווי ראַטעוועט מען זיך?"

דער חכם האָט אָבער אומזיסט גע׳טענה׳ט צום קעניג, אומזיסט אָנגעווענדעט זיינע קלוגע רייד. דער קעניג האָט איהם ניט געוואָלט הערען. האָט דער חכם געזאָגט צו דעם רייכען:

„איך זעה אַז חכמה העלפט דאָ ניט. עס איז ביטער. אפשר וואָלסטו דעם קעניג אונטערגעקויפט מיט דיין געלד?"

דער רייכער האָט דאָס פּרובירט. אָבער דער קעניג האָט זיך ניט געלאָזט אונטערקויפען.

„שלעכט!" האָט דער רייכער אויסגערופען מיט אַ זיפץ, „געלד העלפט אויך ניט".

דער קעניג האָט געגעבען אַ באַפעהל צו זיינע דיענער אַז מען זאָל די צוויי שכנים פיהרען אין הויף און זיי דאָרטען היגריכטען.

מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ זיינען די צוויי שכנים געגאַנגען. זיי האָבען געציטערט מיט אַלע גליעדער. זיי האָבען געזעהן אַז זיי זיינען ביידע פאַרלאָרען, און עס האָט זיי שוין גוט פאַרדראָסען וואָס זיי האָבען צווישען זיך געקריעגט און זיינען מיט זייער קריעג געגאַנגען צום קעניג.

און אַזוי ווי זיי זיינען געגאַנגען אין הויף און האָבען געזעהן דעם תליון מיט דער האַק אין האַנד, האָט זיך דער חכם פּלוצלונג צולאַכט. ער האָט געלאַכט אַזוי הויך, אַז אַלע האָבען זיך דערשראָקען און דער קעניג איז צו איהם צוגעלאָפען און געפרעגט: „וואָס לאַכסטו? וואָס באַדייט דער געלעכטער?"

„גרויסער הערשער!" האָט דער חכם געענטפערט. „איך מוז לאכען ווען איך דערמאָן זיך וואָס אַ שטערען-זעהער האָט מיר אמאָל געזאָגט".

„וואָס האָט דיר אַ שטערען-זעהער געזאָגט?" האָט דער קעניג געפרעגט.

„ער האָט מיר געזאָגט", האָט דער חכם געענטפערט, „אַז אַ קעניג וועט מיך און מיינעם אַ שכן ביידען אין איין טאָג די קעפּ אראבנעהמען, און דער קעניג וואס וועט דאָס טאָן וועט נאָכדעם זיין זעהר אונגליקליך אויף זיין גאַנצען לעבען. מיין קעניג האָט דארום מורא געהאט אליין אונז צו טויטען, האָט ער אונז אָבגעשיקט צו דיר, אַז דו זאָלסט אונזער לעבען נעהמען. ער וועט אויף אזא אופן פּטור ווערען פון אונז און זעהן אָן דיר אַ נקמה".

ווען דער קעניג האָט דאָס דערהערט איז ער געוואָרען זעהר בייז. ער האָט אויסגעשריען צו זיינע דיענער אַז מען זאָל די צוויי שכנים צוריקפיהרען אין זיין פּאַלאַסט.

„געהט צוריק אין אייער לאַנד", האָט דער קעניג צו זיי געזאָגט, „און גיט אָב דיזען בריעף צו אייער הערשער".

אין דעם בריעף איז געשטאַנען אַז דער קעניג ערקלערט קריעג צו דעם קעניג וואָס האָט איהם די צוויי מענשען געשיקט און אויף איהם געוואָלט ארויפוואַרפען אַזאַ אונגליק.

די צוויי שכנים זיינען דאַן צוריק אַוועק צו זייער לאַנד. אויפ׳ן וועג האָט דער חכם געזאָגט צו דעם רייכען: „נו, יעצט זעהסטו אַז חכמה איז בעסער פון געלד?"

„וואַרט אוים ביז מיר וועלען צוריק קומען אין אונזער לאַנד און מיר וועלען זעהן וואָס אונזער קעניג וועט מיט אונז טאָן. דאַן וועל איך וויסען אויב דו האָסט מיט דיין חכמה עפּעס אויסגעפיהרט".

ווי די צוויי זיינען געקומען פאַר זייער קעניג און דער קעניג האָט זיי דערזעהן, האָט ער זיך ניט געקענט אָבוואונדערען. ער איז געווען זיכער אַז זיי זיינען שוין ביידע טויט. ווען ער האָט איבערגעלעזען דעם בריעף וואָס דער קעניג פון דאָס נאָהענטע לאַנד האָט צו איהם געשיקט, איז ער געוואָרען בלאַס און דערשראָקען. „וואָס האָט איהר אזוינס געטאָן וואָס יענער קעניג האָט אייך צוריקגעשיקט און האָט נאָך ערקלערט קריעג געגען מיר?"

דער חכם האָט איהם דאַן דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, ווי ער האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון טויט און האָט אויך געראַטעוועט דאָס לעבען פון זיין שכן.

„איך זעה אַז דו ביזט טאַקע א גרויסער חכם", האָט דער קעניג געזאָגט, „אָבער אזעלכע חכמים זיינען אַ געפאַהר פאַר׳ן לאַנד. דו און דיין שכן מוזען ביידע שטאַרבען".

דער חכם, זעהענדיג אַז ער קען מעהר גאָרנישט טאָן צו ענדערען דעם ווילען פון קעניג, האָט ער געזאָגט צו זיין שכן:

„יעצט איז געקומען די צייט צו צייגען די מאַכט פון דיין געלד".

אָבער אויך זייער קעניג האָט זיך ניט געלאָזט אונטערקויפען.

צולעצט האָט דער חכם געזאָגט צום קעניג: „צו וואָס זאָלסטו אונז טויטען? פיליייכט איז דאָס טאַקע אמת וואָס דער שטערען־זעהער

האָט מיר אמאָל געזאָגט אַז דער וואָס וועט טויטען מיך און מיין שכן וועט אויף זיך ברייגגען אן אומגליק? איז דאָך בעסער אַז איך און מיין שכן זאָלען געהן אַנקעגען דעם קעניג וואָס געהט יעצט מיט דיר מלחמה האַלטען און זאָל ער אונז טויטען".

דעם קעניג איז דאָס געפעלען געוואָרען און ער האָט די צוויי שכנים געלאָזט געהן. זיי זיינען געגאנגען צום גרענעץ און דאָרט האָבען זיי געטראָפען דעם קעניג פון דאָס נאָהנטע לאַנד געהן מיט זיין ארמעע אויף זייער לאַנד.

„גרויסער הערשער!" האָט דער חכם געזאָגט. „דו קענסט ניט געהן מלחמה האַלטען מיט אונזער קעניג וואו דו וועסט פריהער ניט האָבען א קאמפף מיט אונז".

ווען דער קעניג האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך דערשראָקען. ער האָט ניט געוואָלט זיך שלאָגען מיט די צוויי מענשען, טאָמער וועט ער זיי טויטען און אויף זיך ארויפברייגגען אַן אונגליק, האָט ער זיי געהייסען געהן צוריק אהיים און געזאָגט אַז ער ציהט צוריק זיין ארמעע.

די צוויי שכנים זיינען צוריק געקומען אין זייער לאַנד און זייער קעניג האָט זיי מוחל געווען. זייט דאַן האָבען די צוויי שכנים געלעבט אין פריעדען. דער חכם האָט דעם רייכען געלערנט און דער רייכער האָט דעם חכם געשטיצט, און זיי האָבען זיך מעהר קיינמאָל געקריעגט.

---

## די צוויי ברידער

אַמאָל איז געווען א רייכער מאַן. ער האָט געהאט גיטער, פעלדער און גערטנער, שאָף און קיה און א גרויסע צאָהל ארבייטער וואס האָבען געארבייט פאר איהם. און געוואוינט האָט ער אין א שעהנעם פאלאסט וואָס איז געווען געבויט פון מירמעלשטיין און גאָלד. אין דעם פאַלאסט זיינען געווען פאָנטאַנען וואָס האָבען געשפריצט מיט קלאָרע וואַסערען און רעזערוואוּאַרען אין וועלכע עס פלעגען ארומשווימען גאָלדענע פישעלעך. עס איז גאָר ניט צו באַשרייבען דעם פראַכט און

דעם גלאַנץ וואָס מען האָט געזעהן אין דעם פּאַלאַסט פון עמינדב; אַזוי האָט דער רייכער מאַן געהייסען.

עמינדב האָט געהאט צוויי זיהן. איינער האָט געהייסען שלמה און דער אַנדערער ירבעם. איז שלמה געווען אַ גוטער, אַ פליסיגער, האָט גוט געלערענט און פיעל געקענט. אָבער ירבעם איז געווען אַ פוילער, אַ שלעכטער און האָט גאָר ניט געוואָלט לערנען און האָט גאָר נישט געקענט. עמינדב האָט שלמה'ן זעהר ליעב געהאט און אויף ירבעם'ן איז ער געווען בייז. ער האָט פיעל מאָל געפּרואווט איהם צו באַוועגען, אַז ער זאָל ווערען גוט, אויפהערען ארומצוגעהן ליידיג, אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפען. ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען האָט דער פאָטער איהם געקענט ענדערען.

איינמאָל איז עמינדב שטאַרק קראַנק געוואָרען און די דאָקטוירים האָבען איהם געזאָגט אַז ער מוז שטאַרבען. האָט עמינדב צוגערופען זיין גוטען זוהן, שלמה'ן, און האָט צו איהם געזאָגט:

„מיין זוהן, איך געה אוועק פון דער וועלט און איך לאָז דאָ איבער אַ גרויסען פארמעגען. וויל איך דיך מאַכען פאר מיין איינציגען יורש. דיר לאָז איך איבער מיינע גיטער, מיינע שאָף און מיינע קיה, מיין פּאַ־לאַסט און אַלעס וואָס איך פארמאָג. צו דיין ברודער ירבעם לאָז איך איבער בלויז אַ קליין שטיק פעלד און אַ קליינע הייזעל צום וואוינען. ווען ער וועט באַארבייטען זיין שטיקעל פעלד וועט ער האָבען צום עסען, און אַז ניט וועט ער מוזען הונגערען. דער הונגער און די אר־בייט וועט איהם פיליכט בעסער מאַכען".

אַ פּאָר טעג שפּעטער נאָכדעם ווי ער האָט געמאַכט די צוואה, איז עמינדב אַוועק פון דער וועלט. שלמה איז געוואָרען דער איינציגער בעל הבית פון זיין פאָטער'ס גרויסען פארמעגען און ער האָט געזעהן, אַז זיין פאָטערס באַפעהל זאָל אויסגעפיהרט ווערען, אַז זיין ברודער ירבעם זאָל פאַרלאָזען דעם פּאַלאַסט און אַז ער זאָל זיך באַזעצען אויף דער קליינער פאַרם וואָס זייער פאָטער האָט פאר ירבעם'ן איבערגע־לאָזען.

עס איז אוועק אַ צייט און די ברידער האָבען זיך ניט געזעהן, נאָר

איינמאָל אז שלמה האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען פון זיין ברודער האָט ער דערפיהלט אַ בענקשאַפט איהם צו זעהן. עס איז אמת אַז ירבעם איז געווען אַ שלעכטער און האָט זייער פאָטער שמערצען פאַרשאַפט און האָט איהם פאר דער צייט אין קבר געטריעבען, אָבער וואָס איז ער שולדיג אַז אזוי איז געווען זיין נאַטור? אויף א שלעכטען מענשען איז אויך א רחמנות, מענשען זיינען שלעכט נאָר צוליעב דעם, ווייל זיי זיינען נאַריש, און ווען אַלע מענשען וואָלטען געווען קלוג וואָלט קיינמאָל קיין שלעכטס געווען אויף דער וועלט.

איז שלמה אַוועק צו זיין ברודער ירבעם און פון וויטען האָט ער געזעהן ווי ער שטעהט אין מיטען פעלד און ארבייט שווער מיט אַן אייזען אויסצוגראָבען די שטיינער פון דער ערד. ער האָט געזעהן ווי ירבעם איז געוואָרען שוואַרץ ווי קויהל, און ווי פון זיין פנים האָט זיך געגאָסען דער שוויים. שלמה'ס האַרץ איז צוגאַנגען פאר רחמנות און ער האָט זיך צוואויינט.

„איך בין זיכער אַז ווען מיין פאָטער וואָלט איהם געזעהן אין אַזאַ צושטאַנד, ווי שוואַרץ ער איז געוואָרען און ווי שווער ער ארבייט פאר א שטיקעל ברויט, וואָלט ער איהם אלעס מוחל געווען און ער וואָלט איהם געגעבען אַ חלק אין זיין פאַרמעגען".

אזוי האָט שלמה געזאָגט צו זיך.

ער איז צוגעגאנגען צו זיין ברודער און האָט געזאָגט:

„גאָט העלף דיר, מיין ברודער, וואָס מאַכסטו?"

„וואָס געהט דיר אָן וואָס איך מאַך?" האָט ירבעם גראָב געענט־פערט. „דו ביזט געקומען זיך רייצען מיט מיר, אה? דיר איז גוט ווייל דו האָסט אלעס און דו דאַרפסט ניט אזוי שווער ארבייטען ווי איך און רייסען שטיינער פון דער ערד, אום צו קענען פאַרזייהען א ביסעל קאָרן. אַה, ווען דו וואָלסט געווען אויף מיין אָרט, וואָלסטו גע־וואוסט דעם טעם פון דיזען ביטערען לעבען".

„אָבער איך בין געקומען דיר העלפען", האָט שלמה געזאָגט. „איך האָב געזעהן ווי שווער דו ארבייטסט און איך בין געקומען דיר לייכטער מאַכען".

„איך דאַרף ניט דיין הילף, איך האָב דיך פיינד!" האָט ירבעם אויסגערופען. „דו ביזט מיר ניט אַ ברודער, דו ביזט מיר אַ פרעמדער!"

„ניין, איך בין דיר א ברודער", האָט שלמה געזאָגט. „א סימן האָסטו אַז איך בין געקומען צו דיר און וויל אַלעס גוטמאַכען".

„דו קענסט גוטמאַכען נאָר מיט דעם באַדינג אַז מיר זאָלען זיך בייטען", האָט געזאָגט ירבעם.

„וואָס הייסט מיר זאָלען זיך בייטען?" האָט שלמה געפרעגט.

„איך מיין", האָט ירבעם ערקלעהרט, „אַז דו זאָלסט בלייבען דאָ אויף מיין קליינע פאַרם און איך זאָל געהן וואוינען אין פאַלאַסט און זיין דער פארוואַלטער פון אַלע גיטער וואָס אונזער פאָטער האָט דיר איבערגעלאָזען".

„דאָס איז צופיעל פארלאנגט פון מיר", האָט שלמה געזאָגט.

„אויב דו ווילסט ניט, געה אַוועק פון מיר און איך וועל דיך מעהר ניט קענען", האָט ירבעם אויסגערופען, און כאַפּענדיג איינעם פון די שטיינער אין פעלד האָט ער איהם א שליידער געטאָן אויף זיין ברודער, שלמה.

דער שטיין האָט שלמה׳ן ניט געטראָפען. דאָך האָט דאָס איהם שטאַרק פאַרדראָסען, און ער איז אַוועק אהיים.

ער האָט געהאַט אָבגעמאַכט ביי זיך אַז ער זאָל מעהר קיינמאָל געהן צו זיין ברודער ירבעם, וועלכער איז געוועזען אזוי גראָב צו איהם, אָבער ביינאַכט האָט זיך פאַר זיינע אויגען פאָרגעשטעלט די געשטאַלט פון זיין ברודער ווי ער ארבייט אין פעלד, און ווי פון זיין פארשווארצטען פנים גיסט זיך דער שוויים. ווער ווייס — האָט זיך דער גוטער שלמה געטראַכט — אפשר איז ער געוועזען אויפגערעגט פון הונגער און דערפאַר האָט ער צו מיר גערעדט מיט אַזאַ כעס. ניין, איך מוז איהם מוחל זיין. איך וועל צו איהם געהן מאָרגען און זיך מיט איהם בייטען, אזוי ווי ער האָט געפאָדערט פון מיר. לאָמיך אויך פארזוכען דעם טעם פון שווערע ארבייט און פון אַן ארימען לעבען, און נאָכדעם וועט מיין ברודער מיך אויך קומען זעהן, ער וועט אויף מיר רחמנות האָבען און וועט מיר העלפען".

אויף מאָרגען איז שלמה אויפגעשטאנען גאנץ פריה און איז אוועק צו זיין ברודער׳ס ארימע פאַרם און האָט זיך געשטעלט ארבייטען אין פעלד נאָך איידער זיין ברודער האָט צייט געהאט ארויסצוגעהן פון הויז.

ווען ירבעם איז אויפגעשטאנען האָט ער געפונען זיין ברודער שלמה׳ן אין פעלד ארבייטען.

„וואָס טוסטו דאָ?״ האָט ירבעם געפרעגט.

„איך האָב געמאכט דעם בייט ווי דו האָסט פארלאנגט״, האָט שלמה געענטפערט. „איך בלייב דאָ און דו געה און נעהם צו אַלעם וואָס אונזער פאָטער האָט איבערגעלאָזען פאר מיר״.

ירבעם האָט גאָרנישט געזאָגט און איז אַוועק. שלמה איז פאר־בליבען ביי דעם קליין שטיקעל פעלד מיט דער אָרימער הייזעל.

צוויי חדשים צייט האָט שלמה געארבייט אין פעלד און ער איז געבליבען אָהן כחות און האָט ניט געהאט וואס צו עסען, ווייל די פעלד איז זעהר שלעכט געוואקסען. ער האָט אַלץ געהאָפט אז זיין ברודער ירבעם וועט קומען איהם באזוכען, אָבער ירבעם איז ניט גע־קומען.

דאַן איז שלמה געגאנגען צו איהם און געבעטען ער זאָל איהם העל־פען, אָבער ירבעם האָט איהם ארויסגעטריבען און געזאָגט:

„געה, איך קען דיך ניט!״

„מיין פאָטער האָט רעכט געהאָט וואָס ער האָט איהם ניט געוואָלט איבערלאָזען זיין פארמעגען״, האָט שלמה געזאָגט. „און איך קריג יעצט מיין שטראָף פאר ניט פאָלגען מיין פאָטער׳ס צוואה״.

אָבער דעם זעלבען טאָג האָט אַ שלאַנג געטויטעט דעם שלעכטען ברודער און שלמה האָט איהם גע׳ירש׳ענט.

---

## דער טרעפער

אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט אמאָל, מיט יאָהרען און יאָהרען צו־ריק, געלעבט אַ מאַן מיט׳ן נאָמען אבו מוסאַ און ער איז געווען אַ גרוי־סער אָרימאַן. אבו מוסאַ האָט געהאט אַ ווייב האָט זי געהייסען פאטימאַ און זי איז געווען זעהר אַ שעהנע, אָבער צו איהר שעהנקייט האָט זי

געוואָלט האָבען שעהנע קליידער, און אזוי ווי דאָס האָט זי ניט געקענט קריגען, האָט זי גענומען ריידען צו איהר מאַן ער זאָל זוכען א וועג צו פאַרדיענען א סך געלד אום זי זאָל קענען האָבען גענוג געלד אויף שעה־נע קליידער.

„ווי אזוי קען איך פאַרדיענען א סך געלד?" האָט אבו מוסא געפרעגט.

„ווער א וואהרזאָגער, א טרעפער, א מענש וואָס זאָגט אלעמען פאָראוים וואָס עס וועט זיי טרעפען אין דער צוקונפט, און וואָס דער־געהט אלע געהיימניסע, וועסטו פאַרדיענען געלד".

„דאָס איז דאָך אָבער שווינדעל", האָט אבו מוסאַ גערענטפערט. „די מענשען וואָס אונטערנעהמען צו דערגעהן זאַכען וואָס זיינען פאַר־באָרגען פון אַלעמען זיינען שווינדלער. ווי קען איך טאָן אזאַ זאַך?"

אָבער די שעהנע פאַטימאַ האָט אַזוי לאַנג געוויינט פאַר איהם, דאָס אבו מוסאַ האָט איהר מעהר ניט געקענט ענטזאגען און ער האָט באַשלאָסען צו ווערען א טרעפער.

האָט זיך אַבו מוסאַ אַוועקגעזעצט אין מיטען מאַרק מיט אַן אל־טען בוך און מיט קאָלירטע שטיינדלעך, אזוי ווי עס זיצען די אַראַבישע וואהרזאָגער און געוואַרט אויף א געלעגענהייט צו פאַרדיענען געלד.

צו יענער צייט איז דעם קעניג׳ס א באַאַמטער געפּאָהרען אָפּנעהמען צינזען פון לאַנד. ווען ער האָט צוזאַמענגעקליבען די צינזען האָט ער דאָס גאָלד אָנגעלייגט אויף צעהן פערד, און יעדען פערד האָט געפיהרט אַ באזונדער סאָלדאַט. אין מיטען וועג האָט זיך איין פערד דערשראָ־קען, האָט זיך אויסגעריסען פון זיין באגלייטער און איז אנטלאָפען. נאָכדעם האָט זיך אויסגעריסען א צווייטער פערד, און נאָכדעם א דריי־טער, און אזוי זיינען אלע פערד צולאָפען מיט דעם גאַנצען גאָלד וואָס זיי האָבען געפיהרט אויף זיך. די סאָלדאַטען זיינען נאָכגעלאָפען נאָך די פערד און דעם קעניג׳ס שליח איז געבליבען איינער אליין.

דער שליח איז אריין אין שטאָדט זעהר שטארק פאַרזאָרגט, און ווען ער איז דורכגעגאנגען א גאַס האָט ער געזעהן אַבו מוסאַ׳ן זיצען.

„פאר צוואנציג שטיקער קופער טרעף איך אלעס וואָס איהר ווילט", האָט ער געהערט ווי אַבו מוסאַ רופט אוים צו די פארבייגעהענדע.

דעם קעניג'ס שליח איז צוגעגאנגען צו אבו מוסא'ן, האָט איהם געגעבען צוואנציג שטיקער קופער און איהם דערצעהלט וואָס מיט איהם איז געשעהן.

„ווען דו וועסט מיר זאָגען וואו איך קען מיינע פערד געפינען קריגסטו הונדערט מאָל אזוי פיעל", האָט דעם קעניג'ס שליח צו איהם גזאָגט.

אַבו מוסאַ האָט איהם געגעבען א שטיינדעל און געזאָגט: „אָט מיט דעם שטיינדעל געה אויסען שטאָדט, דאָרט איז דאָ א טייכעל, און ווען דו וועסט קומען צו דעם טייכעל זאָלסטו דאָרט דעם שטיין אַריינ־ווארפען, וועסטו געפינען דיינע פערד".

ווען אַבו מוסאַ איז געקומען יענעם טאָג אהיים האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי: „מיר זיינען פארלאָרען. דעם קעניג'ס א באַאמטער האָט מיך היינט געבעטען עפעס פאר איהם צו טרעפען, און ווען ער וועט אויסגעפינען אַז איך קען גאָרנישט טרעפען וועט ער דערצעהלען דעם קעניג און מען וועט מיך באשטראָפען."

„זאָרג זיך ניט, מיין מאן", האָט די שעהנע פאטימא געזאָגט, „עס טרעפט אמאָל אז אפילו אַ נאַר ווארפט א שטיין און טרעפט אין ריכ־טיגען אָרט."

און אזוי איז דאָס טאקע געוועז. דעם קעניג'ס שליח איז געקומען צו דעם טייכעל און האָט אריינגעוואָרפען דעם שטיין, און נאָכדעם האָט ער זיך אוועקגעלייגט אויפ'ן גראָז זיך אָפּצורוהען. באלד האָט ער דערהערט דעם הירזשען פון א פערד. ער איז אויפגעשטאנען און האָט געזעהן א פערד צוגעהן צום טייכעל. גלייך נאָכדעם זיינען אָנגעקומען די אנדערע פערד, איינציגווייז, און האָבען זיך געשטעלט טרינקען פון דעם טייכעל.

אין עטליכע מינוטען ארום זיינען אָנגעקומען די סאָלדאטען און האָבען פאַרנומען די פערד, און אַלע זיינען אַוועק אויף דעם וועג צו דעם קעניג'ס פּאַלאַסט.

דער שליח האָט דעם קעניג דערצעהלט פון אלעם וואָס מיט איהם האָט פאסירט און ווי דער טרעפער אבו מוסאַ האָט איהם געפונען זיינע פערד מיט די זעק גאָלד. דער קעניג האָט דערפאר געשיקט אַבו מוסאַ'ן צעהן טויזענד גאָלדענע רענדלעך.

אין א צייט ארום זיינען גנבים אריין אין דעם קעניג'ס פאַלאַסט און האָבען פון דאָרט אוועקגענומען די גאַנצע ציערונג פון דעם קעניג'ס טאָכטער. דער קעניג האָט געשיקט נאָך אַבו מוסאַ.

„גרויסער הערשער!" האָט אַבו מוסאַ געזאָגט. „צי בין איך דען א מלאך וואָס קען אַלעם טרעפען און דערגעהן וואו די גנבים זיינען?"

„דו מוזט טרעפען", האָט דער קעניג געזאָגט. „איך גיב דיר דריי טעג צייט צו טרעפען".

אַבו מוסאַ איז אוועק אהיים און האָט דערצעהלט זיין פרוי וואָס מיט איהם איז געשעהן און וואָס דער קעניג האָט איהם געזאָגט.

דערווייל האָבען די גנבים דערהערט א אבו מוסא האָט באקו־מען א באפעהל צו דערגעהן וואו זיי זיינען, האָבען זיי זיך דערשראָקען. זיי האָבען געשיקט דריי פון זייערע לייט בעטען דעם טרעפער אז ער זאָל זיי ניט ארויסגעבען און דערפאר וועלען זיי אומקעהרען די גנבה.

אבו מוסא האָט זיי אויסגעהערט און נאָכדעם האָט ער צו זיי גע־זאָגט: „איך האָב שוין לאנג געוואוסט וואו איהר געפינט זיך און איך בין געוועזן באַרייט אייך איבערצוגעבען צום קעניג ער זאָל אייך באשטראָפען ווי איהר האָט פאַרדיענט, אָבער איך האָב מיטלייד מיט אייך און ווען איהר וועט מיר פאַרשפּרעכען מעהר ניט צו גנב'ענען און אויף ווייטער פיהרען אַן ארענטליכען לעבען, וועל איך אייך געבען אַן עצה ווי איהר זאָלט ראַטעווען אייער לעבען".

„מיר וועלען אַלעם טאָן ווי איהר וועט אונז הייסען", האָבען די דריי גנבים געזאָגט.

„אַלזאָ, טוט ווי איך הייס אייך", האָט אַבו מוסא געזאָגט. היינט ביי נאכט זאָלט איהר נעהמען די גע'גנב'עטע ציערונג, אריינלייגען אין א פאַס און דאָס אוועקשטעלען אין דעם קעניג'ס גאָרטען".

אויף מאָרגען אין דער פריה איז אַבו מוסאַ געגאַנגען צום קעניג

און האָט איהם געזאָגט: „די ציערונג געפינט זיך אין א פּאַס וואָס שטעהט אין דיין גאָרטען".

דער קעניג איז געוועזן אזוי צופריעדען דאָס ער האָט דעם טרעפער געגעבען נאָך צעהן טויזענד גאָלדענע רענדלעך.

איינמאָל האָט אבו מוסא געזאָגט צו זיך: „סוף כל סוף וועט דאָך דער קעניג דערגעהן אז איך בין בלויז א שווינדלער, לאָמיך געבען דעם קעניג א פּאטש, וועט ער הייסען מיך טויטען, און די וועלט וועט זאָגען אז איך בין משוגע געוואָרען פון צופיעל טרעפען, און איך וועל שטאַרבען מיט א שעהנעם נאָמען".

גאַנץ פריה איז אַבו מוסאַ געלאָפען צום קעניג׳ס פּאַלאַסט און ווי ער האָט געזעהן דעם קעניג ארויסגעהן פון זיין פּאַלאַסט צו געהן אין דער באָד וואס איז דערביי געווען, האָט אַבו מוסאַ איהם געגעבען א פּאטש און איז אנטלאָפען. דער קעניג איז איהם נאָכגעלאָפען, און ווען ער האָט איהם געכאפּט איז די באָד פּלוצלונג איינגעפאַלען און באַגראָבען די דיענער וואָס זיינען געווען אינווייניג.

„וואונדערליכער מענש!" האָט דער קעניג אויסגערופען. „דו האָסט געזעהן די געפאַהר און דו ביזט געקומען מיין לעבען ראַטעווען. אָבער האָסטו ניט געקענט מיך אָבהאַלטען פון אריינצוגעהן אויף אַ אַנדער וועג?"

„ניין", האָט אַבו מוסאַ געענטפערט. „ווען איך וואָלט דיר זאָגען אַז דו זאָלסט ניט אַריינגעהן, וואָלסטו מיר ניט וועלען גלויבען און גענומען מיט מיר טענה׳ן, האָב איך קיין צייט ניט געוואָלט פארלירען, און האָב געמוזט געבען דעם פּאַטש. און יעצט מיין גרויסער קעניג, פארלאנג איך פון דיר אז דערפאר וואָס איך האָב דיין לעבען גערעטעט זאָלסטו מיך באפרייען אויף מיין גאנצען לעבען, אז איך זאָל מעהר ניט דארפען זיין קיין טרעפער."

דער קעניג האָט איהם באפרייט און אַבו מוסאַ איז געווען צופריעדען וואָס ער האָט ניט געדארפט מעהר לעבען פון שווינדעל און נארעריי.



# די דריי אונבאַקאַנטע געסט

אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, האָט געלעבט אַן אָרימער וואַסער־פיה־דער און ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט זעקס קינדערלעך, אַלע הונגעריגע און האַלב נאַקעטע. געוואוינט האָבען זיי אין אַ הילצערנע הייזעל, וועלבע איז געוועזען אַלט און ערטערווייז מיט לעכער. פון די לעכער האָט ווינטער צייט געבלאָזען אַ קאַלטער ווינד, און אין צייט פון רעגען פלעגט דורך זיי אריינרינען וואַסער אין הויז.

אָרעם, זעהר אָרעם האָט דער וואַסער פיהרער געלעבט מיט זיין פאַמיליע, און גאַנץ אָפט פלעגען זיך די קליינע קינדערלעך לייגען שלאָ־פען הונגעריגע, ווייל עס איז ניט געווען אַ שטיקעל ברויט אין הויז.

איינמאָל ביינאַכט, ווען אין דרויסען האָט פיעל גערעגענט און אַ שטאַרקער שטורם ווינד האָט געבלאָזען, זיינען אין דער אָרימער הייזעל אריינגעקומען דריי פרעמדע מענשען, דורכרייזענדע, און האָבען גע־פרעגט ביי דעם וואַסער פיהרער, אויב זיי קענען ביי איהם האָבען נאַכט־לעגער.

„מיט דעם גרעסטען פאַרגעניגען“, האָט דער וואַסער טרעגער גע־זאָגט, „פון מיינטוועגען קענט איהר דאָ נעכטיגען. אָבער, מיינע הערען, קענט איהר ניט געפינען אַ בעסערען פּלאַץ אין דעם געגענד וואו איבערצונעכטיגען די נאַכט?“

„עס רעגענט זעהר שטאַרק און מיר זיינען זעהר מיעד“, האָט דער עלטסטער פון די דריי מענשען געזאָגט, אויב איהר ערלויבט אונז, וועלען מיר שוין בלייבען דאָ“.

דער וואַסער פיהרער און זיין פאַמיליע האָבען זיך צולייגט אויף דער ערד, און די בעטען האָבען זיי איבערגעגעבען צו די געסט. בעפאָר די געסט האָבען זיך געלייגט שלאָפען האָבען זיי ארויסגענומען פון זייערע רייזע זעק ברויט, און קעז, און פרוכטען, און נים, האָבען געגע־סען און אויך געגעבען צו די קינדער פון דעם אָרימען וואַסער טרעגער. נאָכדעם האָבען די געסט געזונגען, און זינגענדיג איז די גאַנצע הויז געזינד איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען, אז די געסט זיינען געווען גרייט אוועק צו געהן, האָ־

בען זיי געפרעגט ביים וואסער פיהרער פיעל ער פארלאנגט פאר דעם נאכטלעגער.

„ניין", האט ער געזאגט, „איך וועל ביי אייך קיין געלד ניט נעהמען. איך בין אפילו זעהר ארים, אבער פאר א מצוה פארלאנג איך קיין געלד".

„אויב איהר ווילט פון אונז קיין געלד ניט נעהמען", האט איינער פון די געסט געזאגט, „דאן נעהם פון אונז צום וועניגסטען דיזען פייפעל אלס געשאנק. דאס איז א ווינש פייפעל. ווען איהר ווינשט נור עפעס א זאך, דארפט איהר בלויז א בלאז טאן אין דעם פייפעל, נאכדעם זא־גען אייער וואונש, וועט אייער פארלאנג ערפילט ווערען".

ווען די געסט זיינען אוועק האט דעם וואסער פיהרער'ס פרוי גע־זאגט צו איהר מאן:

„לאמיר פרובירען און זעהן אויב דער פייפעל איז טאקי דאס וואס די געסט האבען געזאגט. גיב א בלאז און זאג אז מיר פארלאנגען א גוטען מאהלצייט פאר די קינדער".

דער וואסער פיהרער האט וויעדער א בלאז געטאן אין פייפעל און געזאגט: „א גוטען פריהשטיק פאר אונז אלעמען".

אין אן אויגענבליק האבען זיך אויפ'ן טיש באוויזען טעלער מיט האבער גריץ, פרישע זעמעל, פוטער און פארשיעדענע פרוכטען. און אלע האבען זיך גענומען צום עסען.

נאכדעם עסען האט די פרוי געזאגט: „ווארום זאלען מיר ניט האבען א שעהנע ווארימע הויז?"

דער וואסער פיהרער האט ווידער א בלאז געטאן אין פייפעל און געזאגט: „א שעהנע, ליכטיגע און ווארימע הויז".

און וואונדער איבער וואונדער! אין איין אויגענבליק איז די ארי־מע הילצערנע הייזעל פארשוואונדען געווארען, און די ארימע מענשען האבען זיך געפונען אין א גרויסע, שעהנע הויז — א פאלאסט.

„ווי שעהן, ווי גרויסארטיג, ווי גליקליך מיר זיינען!" האט די ארי־מע פרוי אויסגערופען. אבער די הויז האט קיין מעבעל און קיין בעט־געוואנד".

דער וואסער פיהרער האט א בלאז געטאן אין דעם פייפעל און גע־

זאָגט: „מעבעל, בעטגעוואַנד, און אַלעם וואָס געהערט צו הויזווירט־שאַפט".

גלייך ווי ער האָט דאָס ארויסגערעדט זיינען אַלע צימערען גע־וואָרען פול מיט דעם פיינסטען מעבעל: טישען, שטוהלען, בעטען. און די בעטען זיינען געווען באַקוועם און ווייך אויסגעבעט, און אין קיך זיינען געווען אַלע זאַכען וואָס זיינען נויטיג צו א ווירטשאַפט.

„זעה, מיין מאַן", האָט די פרוי געזאָגט. „מיר האָבען א שעהנע הויז און א גרויסארטיגע ווירטשאַפט, אָבער אליין געהען מיר ארום אָרים, אונזערע קליידער זיינען צוריסען און מיר האָבען ניט קיין גאַנצע שיך".

„מיר ווען באַלד האָבען אַלעס", האָט דער וואַסער פיהרער גע־זאָגט, נעהמענדיג זיין פייפעל אין האַנד. „איך דאַרף נור א בלאָז טאָן און אלעם וועט אריינקומען אין הויז".

און אַזוי איז דאָס געווען. אין אַ פּאָר מינוט ארום זיינען זיי אַלע געווען געקליידעט אין די שעהנסטע קליידער.

„זאָג מיר", האָט די פרוי געפרעגט ביי איהר מאַן, וואָלט ניט פיעל בעסער געווען אַז מיר זאָלען האָבען א סך גרייטעס געלד, צו קויפען וואָס מיר דאַרפען און זיך ניט דאַרפען פאַרלאָזען אויף אַזא פייפעל וואָס מען קען אַמאָל פארלירען, אָדער עס קען קאַליע ווערען?"

„מיר ווען דאָס אויך האָבען", האָט דער וואַסער פיהרער געזאָגט, און נאָכדעם ווי ער האָט אַ בלאָז געטאָן אין פייפעל האָט ער געזאָגט: „איך ווינש צו האָבען א סך געלד".

גלייך האָט זיך אין יעדען צימער באַוויזען א גרויסע פאַס אָנגעפילט מיט גאָלדענע און זילבערנע מטבעות.

„יעצט קען איך דעם פייפעל אַוועקלייגען", האָט דער וואַסער פיה־רער געזאָגט. „איך וועל איהם יעצט פאַר א צייט ניט דאַרפען האָבען".

מיט אַזוי פיעל געלד נעבען זיך האָט דער וואַסער פיהרער אָנגע־הויבען לעבען זעהר רייך. ער האָט גענומען איינלאַדען געסט יעדען טאָג און פאַר זיי געבען שעהנע מאָהלצייטען און בעלער. ער האָט שוין פארגעסען אַז ער איז געווען אַן אָרימער וואַסער פיהרער און האָט זיך

געהאלטען זעהר גרוים. ביי זיין טיהר פלעגען שטעהן וועכטער וואָס פלעגען ניט ארייגלאָזען צו איהם אין הויז קיינעם וועלכען זיי האָבען ניט געקענט.

איינמאָל, ווען אין הויז זיינען געווען פיעלע געסט און אַלע זיינען געזעסען ארום די טישען, און געגעסען און געטרונקען, איז אריינגעקומען א דיענער און געמעלדעט אז דריי אָרימע לייט בעטען אַז מען זאָל זיי לאָזען איבערנעכטיגען אין פּאַלאַסט.

„וואַרף זיי ארויס די בעטלער!" האָט דער געוועזענער וואַסער פיהרער געזאָגט. ס'אַ חוצפה פון אַזעלכע מענשען צו פארלאַנגען אַז איך זאָל זיי לאָזען שלאָפען אין מיין פּאַלאַסט! וואַרף זיי ארויס".

דער דיענער איז אַוועק, אָבער ער איז באַלד צוריקגעקומען און געזאָגט: „זיי ווילען ניט אַוועקגעהן. זיי שרייען און ליאַרמען אַז זיי ווילען זעהן נור אייך, און זיי מוזען אייך זעהן".

אין דעם אויגענבליק האָבען זיך באַוויזען דריי מענשען, וועלכע ווי עס שיינט, האָבען זיך אריינגעריסען אין הויז מיט געוואַלד.

„ארויס פון דאַנען איהר שלעפּער!" האָט דער געוועזענער אָרימער וואַסער פיהרער אויף זיי געשריען. „דאָ איז קיין איינפאָהר הויז פאַר אַזעלכע שלעפּער ווי איהר זייט. ארויס פון דאַנען!"

אָבער איינער פון די דריי מענשען איז צו איהם צוגעגאַנגען און איהם אריינגעקוקט אין די אויגען. דער געוועזענער וואַסער פיהרער איז אָפּגעשפּרונגען צוריק. ער האָט דעם פרעמדען דערקענט. דאָס איז געווען דער וואָס האָט איהם אַמאָל געגעבען דעם וואונדערליכען פייפעל.

„דו שלעכטער מענש!" האָט דער פרעמדער מאַן געזאָגט. „דו האָסט אַזאַ גרויסען פּאַלאַסט מיט אַזוי פיעל צימערען, און פאַר אונז האָסטו קיין פּלאַץ געהאַט צו נעכטען. ווען דו האָסט געוואוינט אין דיין אָרימע הילצערנע הייזעל האָסטו יאָ געהאַט פּלאַץ פאַר אונז. עס איז שוין דארום בעסער אַז דו זאָלסט צוריק ווערען אַן אָרימאַן". דער פרעמדער האָט א פיהר געטאָן מיט א שטעקעלע און אין איין אויגענבליק איז דער פּאַלאַסט מיט אַלעם וואס אין איהם פארשוואונדען גע-

וואָרען, און דער ערשט געוועזענער רייכער מאן האָט זיך ווידער גע־פונען מיט זיין פאמיליע אין דער אָרימער, הילצערנער, האלב צובראָכע־נער הייזעל, מיט די זעלבע אָרימקייט ווי אמאָל.

„נעהם דיין פייפעל און בלאָז ווידער“, האָט די פרוי געזאָגט.

דער וואסער פיהרער האָט גענומען דעם פייפעל, פּרובירט בלאָזען אין איהם, אָבער דער פייפעל האָט מעהר ניט געפייפט. ער איז שטום געוואָרען.

---

## די גאָלדענע האַרץ

אַמאָל איז געוועזען אַן אָרימער האָלצהעקער. האָט ער געוואוינט מיט זיין פרוי און זייערע דריי קליינע מיידעלעך אין א קליינע הייזעל, ניט ווייט פון דעם וואלד. און דער וואלד איז געוועזען זעהר א געדיכטער און א פאַרלאָזענער.

איינמאָל, פריהמאָרגענס, אז דער האָלצהעקער איז אוועק צו דער ארבייט אין וואלד, האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי: „היינט געה איך אַוועק אויף דעם גאַנצען טאָג און וועל ניט קומען צוריק אַהיים ביז אָווענד. בעט איך דיך אַז דו זאָלסט מיר צושיקען מיין מיטאָג מיט דבורה׳לען, און כדי זי זאָל ניט בלאָנדזשען וועל איך אויסשיטען איבער דעם גאַנצען וועג קערנער פון הירזש, וועט זי וויסען ווי צו געהן“.

ווי נאָר עס איז געקומען די צייט פון מיטאָג, איז דבורה׳לע וועלכע איז געוועזען די עלטסטע, אַוועק אין וואַלד מיט א טאָפּ געקעכטס פאר איהר פאָטער. אָבער די פויגעלעך האָבען אויך געוואָלט עסען מיטאָג, האָבען זיי אויפגעגעסען אַלע קערנער מיט וועלכע דער וועג איז געוועזען פארשפּרייט, און דבורה׳לע האָט נעבעך געבלאָנזשעט און איז אַוועק ווייטער פון דעם ריכטיגען וועג. זי האָט אזוי געבלאָנזשעט ביז עס איז געוואָרען פארנאכט, און דאן האָט זי דערזעהן א קליינע הייזעל שטעהן אין וואלד. האָט זי אָנגעקלאפּט אין טיהר. אַן אַלטער מאַן מיט גרויע האָאָר האָט פאַר איהר די טיהר געעפענט און האָט איהר אריינגעלאָ־זען אין זיין אָרימער וואוינונג.

„קען איך דאָ איבערנעכטיגען די נאכט?“ האָט דבורה׳לע גע־פרעגט. „איך האָב פארבלאָנזשעט“.

„יא, גוטע מיידעלע“, האָט דער אלטער געענטפערט. „אָבער צוערשט מוז איך פרעגן מיינע פריינד.“

די פריינד זיינען געווען א קוה, א האָהן און א הוהן. זיי זיינען געווען אין הויז מיט דעם אלטען צוזאַמען.

און אז דער אלטער מאן האָט זיי געפרעגט אויב די מיידעלע קען ביי זיי איבערנעכטיגען די נאַכט, האָט די קוה געענטפערט, „מואואוה“, די הוהן „קאָ קאָ קאָ“, און דער האָהן „קוקורעקו“.

„זיי זאָגען אז יא“, האָט דער אַלטער ערקלערט צו דער מיידעלע.

„און יעצט, מיידעלע“, האָט דער אלטער ווייטער געזאָגט. „געה אריין אין קיך און קאָך פאר אונז אווענד ברויט.“

איז דבורה׳לע אריין אין קיך. זי האָט דאָרט געפונען א סך גוטע זאַכען. האָט זי פון זיי אויסגעקאָכט א שעהנעם מאָהלצייט, און אז דער מאָהלצייט איז פאַרטיג געוואָרען האָט זי געגרייט דעם טיש און זי האָט געגעסען מיט דעם אלטען צוזאַמען. און נאָכדעם האָט זי געזאָגט צום אַלטען: „איך בין זעהר מיעד און וויל שלאָפען.“

„געה ארויף אויף יענעם טרעפ, אויפ׳ן בוידעם, דאָרט ועסטו גע־פינען פאר דיר א בעטעל צו שלאָפען.“

דבורה איז ארויף און איז דאָרט באלד איינגעשלאָפען.

„זי איז אַ שלעכטע מיידעלע“, האָבען צווישען זיך געזאָגט די קוה, די הוהן און דער האָהן. אַליין האָט זי מיט דעם אַלטען געגעסען, אָבער אונז האָט זי ניט געבעטען. דערפאר וועט זי האָבען א שלעכטען אָבשניט“.

ווען דבורה׳לע איז שוין איינגעשלאָפען איז דער אלטער ארויפ־געקומען און האָט ארונטערגעלאָזען א טיהרעל אונטער דער בעט, און דבורה׳לע איז צוזאמען מיט דער בעטעל ארונטערגעפלויגען אין קעלער אריין.

אין אָווענד אז דער האָלצהעקער איז געקומען אהיים האָט ער געשריען אויף זיין פרוי ווארום זי האָט איהם ניט געשיקט קיין מיטאָג.

„איך בין ניט שולדיג“, האָט זיין פרוי געזאָגט. „דבורה׳לע איז געגאַנ־גען, האָט דיר אוועקגעטראָגען א טאָפּ מיט עסען, אָבער ווי עס זעהט אויס האָט זי פארבלאָנזשעט.“

אויף דעם אנדער טאָג איז דער האָלצהעקער ווידער אוועק צו דער אַרבייט און האָט געזאָגט צו זיין פרוי אַז זי זאָל איהם שיקען מיטאָג מיט זייער צווייטע טאָכטער שרה. „איך וועל היינט אויסשיטען דעם וועג מיט לינזען, וועט זי בעסער קענען זעהן דעם וועג“, האָט דער האָלצהעקער געזאָגט.

ווען עס איז געקומען די צייט פון מיטאָג איז די צווייטע מיידעלע — שרה — אוועק אין וואלד מיט א טעפּעלע וואָס זי האָט געטראָגען פאר איהר פאָטער.

אָבער די פויגעלעך עסען אויך יעדען טאָג מיטאָג, האָבען זיי אויפ־געגעסען אלע לינזען וואָס זיי האָבען געפונען אויפ׳ן וועג, און דאָס איבעריגע האָבען זיי מיטגענומען פאר זייערע קינדערלעך, אין זייערע נעסטען.

און שרה האָט אויך פארבלאָנזשעט אזוי ווי איהר שוועסטער, און זי האָט אזוי געבלאָנזשעט ביז אָוונד, און דאן איז זי געקומען אין דער קליינער הייזעל פון דעם אלטען מאן און האָט געבעטען אז ער זאָל איהר לאָזען איבערנעכטיגען די נאכט.

דער אלטער האָט ווידער געפרעגט זיינע דריי פריינד, און די קוה האָט געענטפערט: „מואוואוה“, און די הוהן האָט געזאָגט „קאָ קאָ קאָ“, און דער האָהן האָט א קרעה געטאָן „קוקורעקו“.

„מיינע דריי פריינד זיינען צופריעדען“, האָט דער אלטער געזאָגט צו שרה׳ן. און יעצט, זיי א גוטע מיידעלע, געה אריין אין קיך און קאָך פאר אונז אָוונד ברויט“.

שרה׳לע איז אריין אין קיך און האָט דאָרט צוגעגרייט א גוטען מאָהלצייט, און נאָכדעם האָט זי זיך אוועקגעזעצט צוזאמען מיט דעם אלטען און האָט זיך גוט אָנגעגעסען. און ווען זי איז אוועק שלאָפען, האָבען די קוה און די הוהן און דער האָהן געזאָגט צווישען זיך: „וואָס

פאר א שלעכטע מיידעלע! אליין האָט זי זיך אָנגעגעסען און אויף אונז האָט זי פארגעסען".

און שפּעטער איז מיט שרה׳לע געשעהן דאָס זעלבע וואס מיט איהר עלטערער שוועסטער. זי איז אריינגעפאלען אין קעלער צוזאמען מיט דער בעטעל אויף וועלכער זי איז געשלאָפען.

אויף דעם דריטען טאָג האָט דער האָלצהעקער געזאָגט צו זיין פרוי: „שיק מיר היינט מיין מיטאָג מיט אונזער אינגסטע טאָכטער, מרים. זי איז א גוטע מיידעלע און וועט געהן אויפ׳ן ריכטיגען וועג, און ניט ארומבלאָנזשען ווי איהרע צוואווילדעטע שוועסטער".

אָבער די פרוי האָט ניט געוואָלט שיקען איהר דריטע טאָכטער. זי האָט געזאָגט: „ווילסטו, אז איך זאָל שוין פארלירען אויך מיין לעצ־טע קינד, וועלכע איז מיר טייערער פון אלעם אין דער וועלט?"

אָבער דער האָלצהעקער האָט געזאָגט: „זאָלסט זיך גאָר ניט זאָרגען, מיין ליעבע פרוי. יעצט וועל איך אויסשיטען איבער דעם גאַנ־צען וועג בעבלעך, און זיי זיינען גרעסער פון לינזען, און מירעלע וועט זיי מוזען זעהן".

אָבער די פויגעלעך האָבען די בעבלעך אויך אויפגעגעסען, און אז מירעלע איז אוועק מיט דעם טאָפּ עסענס צום פאָטער, האָט זי אויך פארבלאָנזשעט ווי איהרע שוועסטער. זי איז אויך אריין אין דער קליי־נער הייזעל פון דעם אלטען. און אז דער אלטער האָט געפרעגט זיינע פריינד, אויב ער זאָל די מיידעלע לאָזען איבערנעכטיגען, האָט די קוה געענטפערט „מואואואוה", די הוהן „קאָ קאָ קאָ קאָ", און דער האָהן „קוקורעקו". און די מיידעלע איז דאָרט פארבליבען.

אָבער מירעלע איז געווען בעסער ווי איהרע שוועסטער, און אז זי האָט אָבגעקאָכט דעם אָוענד ברויט, האָט זי די קוה און די הוהן און דעם האָהן אויך איינגעלאדען צום טיש. מרים האָט זיך נאָכדעם גע־לייגט שלאָפען און זי האָט געהאט א גוטען שלאָף.

אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט זי זיך געפונען אין אַ קעניגליכען פּאַלאַסט, וועלכער איז געווען באַפּוצט מיט גאָלד און מיט טייערע שטיינער. אנשטאָט דעם אלטען מאן האָט זי געפונען א יונגען פּרינץ,

און דער פרינץ האָט איהר דערצעהלט אַז איינמאָל האָט אַ מכשפה איהם פאַרשאָלטען און איהם פארוואנדעלט אין אַן אַלטען מאַן און זיינע דריי טרייע דיענער אין אַ קוה, אַ הוהן, און אַ האָהן. און אַזוי האָבען זיי געלעבט ביז זי איז געקומען און האָט מיט איהר גוטסקייט פאַרטריבען דעם בייזען כשוף וואָס די מכשפה האָט ארויפגעלייגט אויף דעם פאַלאַסט.

שפעטער, אַז מירעלע איז עלטער געוואָרען, האָט דער פרינץ מיט איהר חתונה געהאַט, און די צוויי עלטערע שוועסטער האָבען גענומען אַביישפיעל פון מירעלע׳ן און זיי זיינען אויך געוואָרען גוט און פרום.

---

# שימעלע נאַר

שימעלע איז געווען זעהר אַ נאַרישער אינגעל. זיינע חברים פלע־גען פון איהם לאַכען און זיינע עלטערען פלעגט דאָס זעהר שטאַרק פאַרדריסען וואָס שימעלע איז אַזוי נאַריש. אין שטאָדט האָט ער געהאַט אַ צונאָמען „שימעלע שלימזל“, און אַז ער פלעגט געהן אין גאַס פלעגען אַלע אויף איהם צייגען מיט די פינגער און זאָגען: „אָט דאָס געהט ער, שימעלע שלימזל.“

זיין מוטער איבערהויפּט האָט געהאַט פון איהם זעהר פיעל פאַר־דרוס, ווייל אַלעס וואָס זי פלעגט איהם הייסען טאָן פלעגט ער טאָן פונקט פאַרקעהרט. ניט ווייל ער האָט געוואָלט טאָן פאַרקעהרט, נאָר ווייל ער איז געווען נאַריש און האָט ביי זיין בעסטען ווילען ניט פאַרשטאַ־נען צו טאָן אַ זאַך ריכטיג, ווי מען הייסט איהם.

איינמאָל האָט דער שניידער געבראַכט פאַר שימעלע׳ן אַ נייעם אנצוג. די מוטער האָט אַ קוק געטאָן אויף שימעלע׳ן און האָט געזעהן אַז דער אנצוג פאַסט איהם זעהר, האָט זי איהם ארומגענומען מיט ליעב־שאַפט און געזאָגט:

„טראָג געזונד, מיין קינד. מיר זאָלען דערלעבען דיר צו נעהען חתונה קליידער.“

שימעלע האָט זיין מוטער אפילו קיין דאַנק ניט געזאָגט, אָבער ער

האָט איהרע ווערטער גוט אריינגענומען אין קאָפּ און זיך באמיהט זיי צו געדענקען.

אין עטליכע וואָכען ארום האָט די מוטער באקומען א נייע קלייד. שימעלע האָט א קוק געטאָן איוף זיין מוטער אין איהר נייע קלייד און האָט זיך דערמאָנט אז ער דאַרף איהר עפּעס זאָגען.

„טראָג געזונד, מאַמע", האָט ער געזאָגט, „מיר זאָלען דערלעבען דיר צו נעהען חתונה קליידער."

„דו נאַרישער אינגעל!" האָט די מוטער אויסגערופען. „איך וויל ניט חתונה האָבען נאָך אַמאָל. איך וויל אז דיין פאָטער זאָל לעבען, און לעבען זעהר לאַנג."

„טאָ וואָס דאַרף מען זאָגען אַז מען זעהט א מענשען אין נייע קליידער?" האָט שימעלע געפרעגט.

„מען זאָגט: פאַרניצט געזונטערהייד", האָט די מוטער איהם געלערענט.

אַ טאָג שפּעטער האָט שימעלע געזעהן ווי א שמש פון דער חברא קדישא טראָגט טויטען קליידער (תכריכים) פאר א טויטען.

„פאַרניצט עס געזונדערהייד", האָט שימעלע צו איהם געזאָגט.

דער שמש איז געוואָרען בייז, האָט ער געכאַפּט שימעלע׳ן און האָט איהם גוט אָנגעשלאָגען.

פאַרוואָס האָט ער איהם אָנגעשלאָגען? דערפאַר ווייל דער שמש האָט געמיינט אַז שימילע האָט איהם געשאָלטען. אָבער שימעלע האָט גאָרניט געמיינט קיין שלעכטס.

שימעלע איז געקומען אהיים א וויינענדיגער און האָט דערצעהלט וואָס מיט איהם איז געשעהן און ווי דער שמש האָט איהם געשלאָגען.

„האָסט ניט גוט געטאָן, מיין קינד", האָט די מוטער איהם פירגעהאַלטען. „האָסט געדאַרפט געהן אין דער הויז פון דעם פאַרשטאָרבענעם און זאָגען: „זאָל ער האָבען א ליכטיגען גן עדן!"

שימעלע האָט עס גוט אריינגענומען אין קאָפּ. און אום די ווערטער ניט צו פאַרגעסען פלעגט ער אימער ארומגעהן און זאָגען צו זיך: „זאָל ער האָבען א ליכטיגען גן עדן! זאָל ער האָבען א ליכטיגען גן־עדן!"

אַ וואָך שפּעטער האָט איהם זיין מוטער גענומען צו אַ ברית. ווי נור שימעלע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם ניי געבוירענעם אינגעלע האָט ער געזאָגט:

„זאָל ער האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן!"

די אידען וואָס זיינען געווען אויף דעם ברית האָבען איהם געוואָלט אָנרייסען אַן אויער, אָבער זיין מוטער האָט איהם שנעל גענומען פאַר׳ן הענטעל און איהם פון דאָרט ארויסגעפיהרט.

„דו נאַרישער שימעלע!" האָט די מוטער געשריען אויף איהם. „אימער זאָגסטו ניט די ריכטיגע זאַך אויפ׳ן אָרט."

„וואָס דען האָב איך געזאָלט זאָגען?" האָט שימעלע געפרעגט.

„האָסט געדאַרפט זאָגען", האָט די מוטער ערקלערט: „הלואי זאָלען מיר אָפט געהן איינע צו די אַנדערע אויף אַזעלכע שמחות".

„איך וועל דאָס געדענקען, מאמע", האָט שימעלע פארשפּראָכען. „מעהר וויל איך שוין אזא טעות ניט מאַכען."

די זעלבע וואָך איז אין שטאָדט געווען אַ פייער. שימעלע איז אויך געלאָפען זעהן דעם פייער. ווען ער איז אהין געקומען האָט ער געזאָגט צו די מענשען:

„הלואי זאָלען מיר אָפט געהן איינע צו די אנדערע אויף אזעלכע שמחות!"

די פייערלייט האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי איהם אָבגעגאָסען מיט וואסער. שימעלע איז געקומען אהיים נאַס ווי אַ האָהן. ער האָט דערצעהלט זיין מוטער וואָס מיט איהם איז געשעהן און זיך באַקלאָגט:

„איך זאָג אימער ווי דו לערנסט מיך, אָבער די מענשען גלייכען דאָס ניט."

„דאָס איז ווייל דו זאָגסט ניט די ווערטער אין דעם ריכטיגען אָרט", האָט די מוטער ערקלערט.

„וואָס דען האָב איך געזאָלט זאָגען?" האָט שימעלע געפרעגט.

„ווי דו האָסט געזעהן דעם פייער האָסטו געדאַרפט לויפען איבער די גאַסען און שרייען: „עס ברענט, מענשען ראַטעוועט!"

שימעלע איז ארומגעגאנגען און האָט איבערגעזאָגט דיזע ווערטער

צו זיך פיעלע מאָל, ביז ער איז געווען זיכער אַז ער וועט זיי ניט פאַר־געסען.

פרייטאג אבענד אז שימעלע'ס מוטער האָט אָנגעצונדען שבת ליכט, איז שימעלע ארוים אין גאס און געמאכט א געשריי: „עס ברענט! מענשען, ראַטעוועט!"

עס זיינען אָנגעלאָפען פיעלע מענשען און די פייערלייט זיינען אויך געקומען, און ווען זיי האָבען געזעהן אז שימעלע האָט זיי אָבגענארט, האָבען זיי איהם געוואָלט באַשטראָפען, אָבער זיין מוטער האָט איהם צוגענומען און באַהאַלטען.

„וואָס וועט פון דיר זיין?" האָט די מוטער געזאָגט צו שימעלען. „דו וואקסט אַזאַ געפעהרליכער נאַר, עס איז דאָך פון דיר גאָרניט אויס־צוהאַלטען. עס איז שוין בעסער אַז דו זאָלסט שווייגען. אַז אַ נאַר שווייגט קען מען מיינען אַז ער איז א קלוגער. בעסער זאָלסט אינגאנ־צען שווייגען."

יעצט האָט זיך שימעלע גוט אריינגענומען אין קאָפּ מעהר גאָרניט צו זאָגען, נור שווייגען. עס מאכט ניט וואָס עס וועט פאַסירען.

אייגמאָל, אַז שימעלע האָט זיך געשפּיעלט מיט זיין קליינעם ברודערל אין גאַס, איז דער ברודערל אריינגעפאלען אין א זומפּ און איז דאָרט געבליבען שטעקען ביז'ן האלז. שימעלע האָט איהם פּרו־בירט ארויסשלעפּען, אָבער זעהענדיג אז ער קען ניט, האָט ער איהם דאָרט געלאָזט שטעקען און איז געקומען אהיים אליין. ווען די מוטער האָט איהם געפרעגט וואו דער ברודערל איז, האָט שימעלע געענט־פערט אַז ער שטעקט אין א זומפּ.

די מוטער איז געקומען איהם ארויסנעהמען. זי האָט איהם לאַנג געדארפט ארומוואַשען, ביז זי האָט איהם ריין געמאכט, נאָכדעם האָט זי געפרעגט שימעלע'ן:

„אז דו האָסט איהם ניט געקענט ארויסנעהמען, ווארום האָסטו ניט געמאכט א געשריי מענשען זאָלען קומען ראַטעווען?"

„דו האָסט מיר פאַרזאָגט אז איך זאָל בעסער שווייגען", האָט שי־מעלע געענטפערט, „האָב איך געשוויגען."

„אַן אונגליק!" האָט די מוטער אויסגערופען. „אַז ער שווייגט זעהט מען אויך וואס פאַר א נאַר ער איז!"

## דער נאַרישער אַף

אין דעם פאַלאַסט פון שלמה המלך האָט זיך געפונען א זעהר וואונדערבאַרער אַף א „מאַנקי". דיזען אַף האָט שלמה המלך באַקומען אַ מתנה פון חירם דעם קעניג פון צר, און דער אַף איז געווען אַזוי קלוג, דאָס ער איז געוואָרען א ליעבלינג אין דעם קעניג׳ס פאַלאַסט. ער האָט זיך אויסגעלערענט צו געהן אַזוי ווי מענשען און צו עסען ביי א טיש מיט אַלעמען גלייך. דערצו האָט ער געקענט טאַנצען און צייגען אַלערליי קאָמישע גרימאַסען וואָס האָבען אַלעמען געמאַכט צו לאַכען. דער אַף איז געוואָרען ביי זיך זעהר שטאָלץ און האָט זיך גענומען האַלטען פאַר אַ גרויסען חכם. ער האָט פאַרגעסען אָן זיין שטאַם, אָן זיינע עלטערען און דאָס לאַנד פון וואַנען ער איז געקומען. ער האָט פאַרגעסען דעם וואלד אין וועלכען ער האָט זיך ערצויגען און זיינע חברים מיט וועלכע ער פלעגט צוזאַמען ארומקלעטערען פון בוים צו בוים. מיט איין וואָרט: דער אַף האָט זיך פאַרגעסען אַז ער איז אַן אַף.

ניט נור האָט ער פאַרגעסען אַז ער איז אַן אַף, נור זעהענדיג ווי די מענשען אין דעם קעניג׳ס פאַלאַסט באַהאַנדלען איהם גוט און זיינען צו איהם פריינדליך, האָט ער אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז אויך זיי האָבען פאַרגעסען אַז ער איז אַן אַף און האַלטען איהם פאַר אַ מענשען פון זייער גלייכען.

און דער אַף האָט זיך נאָך מעהר געפלייסט צו זיין אַזוי ווי די מענשען. ער האָט זיי גענומען מעהר נאָכמאַכען. די מענשען האָבען געלאַכט פון זיינע גרימאַסען, און ער האָט געמיינט אַז זיי לאַכען ווייל ער איז זיי זעהר שטאַרק געפעלען און זיי האָבען שטאַרק הנאה פון איהם.

אַמאָל, אין א שעהנעם זוניגען טאָג, איז דער אַף געלעגען אין קעניג׳ס גאָרטען. ליעגענדיג אויסגעצויגען אונטער דער וואַרימער זון האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין אַמאָליגער היים, אין די וועלדער פון לאַנד צר, ער האָט זיך דערמאנט אָן זיינע קינדערשע יאָהרען, און עס

האָט איהם גענומען בענקען צוריק אהיים. ער האָט זיך געטראַכט: ווי גוט עס וואָלט געווען ווען איך וואָלט יעצט געקענט אויף א קורצע צייט אוועקוואַרפען די האָף עטיקעטע צו וועלכע עס איז מיר געווען אַזוי שווער זיך צו געוואוינען, און איך וואָלט ווידער געקענט א ביסעל אַרומשפּרינגען פון בוים צו בוים און עסען די ניס און די פרוכטען פון וואלד! אָבער אין דער מינוט האָט דער אַף באַמערקט אַז פון א פענ־סטער פון דעם קעניג׳ס פּאַלאַסט האָט אויף איהם אַרונטערגעקוקט די שעהנע פּרינצעסין זולייקא, וועלכע האָט צו דער זעלבער צייט אויך געטראַכט פון איהר אייגען לאַנד און פון איהר פאָטער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער קעניג און האָט איהר אַוועקגעגעבען דעם גרויסען אי־דישען מלך פאַר אַ ווייב.

שווער איז געווען דער פּרינצעסין זיך צו געוואוינען צו דער נייער לאַנד און צו אַ פּאַלאַסט אין וועלכען עס איז געווען אַן אַנדער זאָרט לעבען מיט אַנדערע זיטען.

אָבער ווען זי האָט א קוק געטאָן אויף דעם אַף האָט זיך אויף איהר געזיכט באַוויזען א שמייכעל.

ווען דער אַף האָט דערזעהן ווי די שעהנע פּרינצעסין שמייכעלט צו איהם, איז צו זיין שטאָלץ גאָר ניט געווען קיין ברעג. „זי ווייס ניט אַז איך בין אַן אַף", האָט ער צו זיך געזאָגט. „זי איז צו מיר פריינד־ליך און זי שעצט מיך ווי א גלייכען מענשען".

האָט דער אַף זיך אויפגעהויבען, זיך א שטעל געטאָן אויף זיינע הינטערשטע פיס און זיך א בוק געטאָן פאַר דער פּרינצעסין.

וואָלט דער אַף געקענט זיך זעהן אין שפּיעגעל וואָלט ער געוואוסט ווי קאָמיש ער האָט אויסגעזעהן ווען ער האָט זיך א בוק געטאָן פאַר דער פּרינצעסין. די פּרינצעסין האָט זיך צולאַכט. קיינער וואָלט זיך געקענט איינהאַלטען פון לאַכען ווען ער וואָלט געזעהן ווי דער אַף זוכט נאָכצומאַכען די פיינע מאַניערען פון די מענשען. אָבער דער אַף האָט געמיינט אַז די פּרינצעסין פרעהט זיך דאָס מיט איהם, און ער האָט זיך נאָך אמאָל א בוק געטאָן.

די פּרינצעסין האָט איהם א וואָרף געטאָן א מילגרוים.

„זי ליעבט מיך, זי איז פארליעבט אין מיר!“ האָט דער אַף גע־זאָגט צו זיך, און ער האָט גענומען עסען דעם זאַפטיגען מילגרוים.

אויף מאָרגען, אין דער זעלבער שטונדע, איז דער אַף ווידער גע־קומען אין גאָרטען און האָט זיך אויסגעצויגען ביי דעם פענסטער וואו עס האָט זיך געפונען די שעהנע פרינצעסין זולייקא. און אז די פרינ־צעסין האָט איהם דערזעהן האָט זי צו איהם ווידער געשמייכעלט. דער אַף האָט זיך ווידער אָנגעהויבען צו בוקען, צו דרעהען און מאַכען אַלער־ליי גרימאַסען. די פרינצעסין האָט איהם ווידער געוואָרפען א מילגרוים.

„עס איז יעצט גאָר קיין צווייפעל ניט אַז זי ליעבט מיך“, האָט דער אַף געזאָגט צו זיך. „און וואַרום זאָל זי מיך ניט ליעבען? בין איך ניט אזוי שעהן ווי די פרינצען וואָס געפינען זיך אין פאַלאַסט? עס איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס אַזאַ שעהנע פרינצעסין האָט זיך פארליעבט אין מיר. אין וועמען דען זאָל זי זיך פארליעבען אויב ניט אין מיר?“

און אזוי איז געווען אויף דעם דריטען און אויף דעם פערטען טאָג.

אויף דעם פינפטען טאָג, ווען די זון איז געווען זעהר הייס, און אַלע האָבען גערוהט אין די קיהלע שאטענס פון דעם פאַלאַסט, און עס איז געווען שטיל ארום און אַרום, איז דער אַף געקומען אין גאָרטען, און זעהענדיג אַז דער פענסטער פון דער פרינצעסין׳ם צימער איז אָפען און זי איז דערביי ניטאָ, האָט ער געזאָגט צו זיך: „איך וועל אריינגעהן צו איהר אין צימער און איהר זאָגען, אַז איך האָב זי אויך ליעב, פונקט אזוי גוט ווי זי האָט מיך ליעב.“

דער אַף האָט ארויפגעקלעטערט אויף דער וואַנד און ער איז אריין דורכ׳ן פענסטער אין דעם צימער פון דער שעהנער זולייקא.

ווען די פרינצעסין האָט דערזעהן דעם אַף ביי זיך אין צימער האָט זי זיך דערשראָקען און האָט אָנגעהויבען צו שרייען פאר שרעק מען זאָל איהר קומען העלפען. די דיענער פון פאַלאַסט זיינען אָנגעקומען און די פרינצעסין האָט זיך גענומען ביי זיי בעטען אַז זיי זאָלען דעם אַף ארויסטרייבען.

אָבער דער אַף האָט ניט פאַרשטאַנען איהרע רייד און ער האָט אַלץ געזאָגט צו זיך: „זי ליעבט מיך, זי ליעבט מיך“.

די דיענער האָבען איהם גענומען טרייבען און שלאָגען מיט שטע־קענס, אָבער דער אַף האָט אַלץ געזאָגט צו זיך: „זי ליעבט מיך. די פּרינצעסין ליעבט מיך“.

ענדליך האָבען איהם די דיענער ארויסגעוואָרפען פון פּאַלאַסט און איהם גוט אָנגעשלאָגען, אָבער דער אַף איז געבליבען ליעגען אין גאָר־טען און באלעקענדיג זיינע וואונדען פון וועלכע עס האָט זיך געגאָסען בלוט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו זאָגען צו זיך:

„די פּרינצעסין ליעבט. אַך, ווי זי ליעבט מיך!“

* * *

נו, וואס זאָגט איהר צו אזא נאַרישען אַף? אָבער איהר זאָלט וויסען אַז די מעשה איז ניט אַן אויסגעטראַכטע. און אויב איהר גלויבט ניט דאָס אַזאַ געשיכטע קען פאָרקומען מיט אַן אַף, זאָלט איהר זיך גוט ארומקוקען וועט איהר זעהן אַז צווישען מענשען געפינען זיך פיעלע אַזעלכע אַפען. זיי מיינען אַז קיינער ווייס ניט ווי נאַריש זיי זיינען. זיי מיינען אַז זיי זיינען חכמים און מיינען אַז אַנדערע האַלטען זיי אויך פאַר חכמים.

פונקט ווי דיזער אַף וואָס האָט פאַרגעסען זיין שטאַם און דאָס לאַנד פון וועלכער ער איז געקומען זיינען דאָ אויך מענשען וואָס ווילען פאַרגעסען זייער אָבשטאַם און זוכען צו פאַרלייקענען זייער פאָלק. און ווען מען לאַכט פון זיי מיינען זיי אַז מען פרעהט זיך מיט זיי, און ווען מען שלאָגט זיי זאָגען זיי אַז מען האָט זיי ליעב.

---

## דער טאַטע מיט די קינדער

אין אַ גרויסער שטאָדט האָט אַמאָל געלעבט זעהר אַ רייכער מאַן מיט זיין פרוי. זיי האָבען געהאט הייזער און גיטער, און אלעס וואָס געלד קען קויפען, אָבער עס האָט זיי געפעהלט איין זאַך וואָס מען קען פאַר געלד ניט קויפען, און דאָס איז אַ קינד. דער רייכער מאַן מיט זיין פרוי האָבען דארום זיך ניט געקענט פיהלען גליקליך. זיי האָבען גע־

בענקט צו האָבען אַ אינגעלע אָדער אַ מיידעלע, וועמען זיי זאָלען קע־
נען ליעבען און מיט וועמען זיי זאָלען קענען זיך שפּיעלען.

ניט ווייט פון דעם רייכען מאַן׳ס פּאַלאַסט האָט זיך געפונען א
קליין אָרימע הייזעל מיט אַ דאַך פון שטרוי. אין דיזער אָרימער הייזעל
האָט געוואוינט בעריל דער שוסטער מיט זיינע זעקס קינדער. ער האָט
פאַרדיענט קוים אויף לעבענס־מיטעל, און דערצו איז ער געווען אַן אלמן.
זיין פרוי איז געשטאָרבען אין דעם זעלבען טאָג וואָס זייער זעקסטע
קינד, א מיידעלע, איז געבוירען געוואָרען.

און כאָטש בעריל דער שוסטער איז געווען זעהר אָרים, איז ער
אימער געווען פרעהליך, און פלעגט אימער זינגען ביי דער ארבייט.
עס פלעגט אויך אמאָל טרעפען אַז אַ קינד האָט געוואָלט עסען און עס
איז ניט געווען וואָס, האָט בעריל דעם קינד געזונגען א פרעהליכען ניגון
און דאָס קינד האָט זיין הונגער פארגעסען. „א מאָדנער מענש, דער
בעריל" פלעגען זאָגען די פאַרבייגעהער וואָס פלעגען איהם הערען
זינגען. „ער איז אימער לעבעדיג און פרעהליך!" און קיינעם איז איינ־
געפאלען צו דענקען, אז בעריל זינגט אום ניט צו פיהלען דעם הונגער.

דער רייכער מאן וועמעס פּאַלאַסט איז געשטאַנען ניט ווייט פון
בעריל׳ס אָרימע, אַלטע, צופאַלענע הויז, פלעגט זיך אָפט וואונדערען
ווארום בעריל איז אזוי פרעהליך. „איך קען דאָס ניט פאַרשטעהן",
האָט דער רייכער מאַן געזאָגט צו זיין פרוי. „מיר זיינען רייך און מיר
האָבען אַלעס וואָס מיר קענען פארלאנגען, און דאָך זינגען מיר קיינמאָל,
אָבער דער אָרימער שוסטער וואָס האָט ניט גענוג צו עסען, זינגט דעם
גאַנצען טאָג."

„איך קען דאָס אויך ניט פאַרשטעהן", האָט די פרוי געענטפערט.
„נעכטען בין איך פארבייגעגאנגען דעם שוסטער׳ס הויז און האָב געזעהן
צוויי פון זיינע קינדער שפּיעלען זיך אין דרויסען, און איך זאָג דיר, אז
ווען איך וואָלט געהאַט כאָטש איינעם פון די קינדער, וואָלט איך זיך
אפשר אויך געפיהלט גליקליך. און וואָלט אויך געזונגען".

דער רייכער מאַן האָט זיך פאַרטראַכט, און נאָכדעם האָט ער גע־
זאָגט :

„הער צו, מיין פרוי, וואָס מיר איז איינגעפאַלען אין קאָפּ. עס איז אַ גליקליכער געדאַנק. מיר זיינען רייך און מיר קענען ערציהען קינדער, אָבער מיר האָבען זיי ניט. דער שוסטער איז אָרים, ער האָט ניט גענוג זיינע קינדער עסען צו געבען און דאָך האָט ער גאַנצע זעקס. טאָ לאָמיר פון איהם צונעהמען עטליכע קינדער. ער וועט זיין צופריעדען וואָס די קינדער וועלען האָבען אַ גוטע ערציהונג, און מיר וועלען קענען האָבען וועמען צו צייגען אונזער ליעבשאַפט".

„דער פּלאַן געפעהלט מיר זעהר", האָט די פרוי געענטפערט, „אָבער פאַר דער ערשטער צייט וועלען מיר ביי איהם בעטען בלויז איין קינד, און שפּעטער, אז מיר וועלען זיין צופריעדען און דער שוסטער וועט זיין צופריעדען, וועלען מיר ביי איהם נעהמען נאָך".

אין דעם זעלבען אָווענד איז דער רייכער מאַן אַוועק צו דעם אָרימען שוסטער, אום צו בעטען ער זאָל איהם אָבגעבען איינעם פון זיינע קינדער.

בעריל האָט דעם רייכען מאַן קיינמאָל געהאַט אין זיין הויז. דאַרום איז זיין באַזוך געווען אַ גרויסע איבערראַשונג.

„אַך וואָס פאַר אַ גרויסער גאַסט!" האָט בעריל אויסגערופען. „וואָס פאַר אַ גרויסע עהרע צו האָבען אייך אין מיין הויז!"

און בעריל האָט גענומען מיט זיין פאַרטוך ריין מאַכען אַ שטוהל, אום זיין גאַסט זאָל זיך קענען אויף דעם זעצען.

דער רייכער מאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט, און ווען ער האָט באַטראַכט דעם דלות וואס ער האָט געזעהן ארום און ארום, האָט ער גע־שווידערט. ער האָט זיך געוואונדערט ווי מענשען קענען דאָס לעבען אין אַזאַ אָרימקייט.

„איך בין צו אייך געקומען", האָט דער רייכער מאַן גיזאָגט, „וועגען אַ וויכטיגע זאַך. איך וויל אַז איהר זאָלט מיר שענקען איינעם פון אייערע קינדער".

„וואָס רעדט איהר?" האָט בעריל אויסגעשריען מיט שרעק. „וואָס ווילט איהר דעם קינד טאָן?"

„איך וועל דאָס קינד ערציהען אזוי ווי דאָס וואָלט געווען מיין

אייגען קינד", האָט דער רייכער מאַן ערקלערט. „און נאָך מיין טויט וועט דאָס קינד ירש'ענען מיין גאַנצען פאַרמעגען".

„מיט פאַרגעניגען!" האָט בעריל געזאָגט. „אַך, וואָס פאַר אַ גליק עס איז באַשערט איינעם פון מיינע קינדער! כאָטש איין קינד וועט לעבען גליקליך! אלזאָ, גוטער מענש, זאָגט, וועלכעס קינד ווילט איהר?"

„גיט מיר די", האָט דער רייכער מאַן אָנגעצייגט אויף אַ מיידעלע פון אַ יאָהר דרייצעהן.

„ניין", האָט בעריל געזאָגט, „ביילקען קען איך ניט געבען. זי איז ביי מיר די עלטסטע און זי פיהרט ביי מיר די גאַנצע ווירטשאַפט. זי איז די קליינע מאַמע פון מיינע אָרימע יתומים".

„דאַן גיט מיר די", האָט דער רייכער מאַן געצייגט אויף אַן אַנדער מיידעלע.

„אויך די, שרה'קען, קען איך אויך ניט געבען", האָט בעריל געענט־פערט. „זי ניאַנטשעט מיין קלענסטע קינד. די פיצעלע איז אַזוי גע־וואוינט צו איהר, דאָס זי וועט זיכער בענקען אַז שרה'קע וועט אַוועק".

„אויב אַזוי, וועל איך ביי אייך נעהמען אָט דעם אינגעל".

„וואָס רעדט איהר? אָט דער איציקעל איז דאָך מיין גאַנצער שטאָלץ. זיין לעהרער זאָגט, אַז ער האָט אַ זעהר וואויל קעפּעל. ער לערענט זעהר גוט און מיין גאַנצער פאַרגעניגען איז צו הערען וואָס ער ער צעהלט מיר איבער פון אַלעם וואָס ער לערענט".

„וועט איהר מיר געבען דיזען אינגעלע?" האָט דער רייכער מאַן געצייגט אויף אַן אַנדערען.

„איך וואָלט אייך איהם זעהר גערען אַוועקגעגעבען. אָבער ער האָט שוואַכע פיסלעך, און איך מוז איהם אליין טראָגען יעדען טאָג אין דער שולע, און פון דער שולע צוריק אהיים, קיין אַנדערען אין דער וועלט וועל איך פאַרטרויען מיט דער ארבייט".

דער רייכער מאַן האָט דאַן אָנגעצייגט אויף אַ מיידעלע פון אַ יאָהר דריי.

„ניט פאַר אַלע אייערע מיליאָנען", האָט בעריל געזאָגט. „דאָס

איז רבקה׳לע, און זי איז אזוי עהנליך צו איהר מוטער, אַז ווען איך גיב אַ קוק אויף איהר, זעה איך איהר מאַמע׳ן״.

„קענט איהר מיר געבען דאָס קלענסטע?״

„ווי קען איך זיך שיידען מיט אַזאַ פּיצעלע?״ האָט בעריל גע־טענה׳ט, „אלע מיינע קינדער וועלען דאָך אויסגעהן פאר בענקענים נאָך איהר״.

דער רייכער מאַן האָט זיך פארטראכט. בעריל האָט אויך א ווײַלע געשוויגען. נאָכדעם האָט ער געזאָגט צו די קינדער:

„זאָגט מיר, קינדערלעך, ווער פון אייך וויל געהן וואוינען ביי דיזען רייכען און גוטען מענשען? איהר וועט האָבען צו עסען פון דאָס בעס־טע, און די שעהנסטע קליידער צו טראָגען, און אלעס וואָס אייער האַרץ וועט גלוסטען״.

אָבער די קינדער האָבען זיך אלע צוגעטוליעט צו זייער פאָטער, און האָבען פון איהם ניט געוואָלט אָבטרעטען.

דער רייכער מאַן איז טרויעריג אַוועק אהיים. גלייך ווי ער איז אַרויס, האָט בעריל צוזאַמענגענומען זיינע קינדער און זיי האָבען גע־נומען טאַנצען א קאַרעהאָד, און זינגען דערביי לעבעדיג און פרעהליך.

---

# דער מלאך

קינדער! איך וועל אייך היינט דערצעהלען אַ מעשה וועגען א מלאך. דאָס איז ניט אן אויסגעטראכטע זאַך, נאָר אַן אמת׳ע מעשה. און אַז איהר וועט דאָס דורכלעזען וועט איהר זעהן אַז עס זיינען דאַ מלאכים אויף דער וועלט.

הערט זשע צו.

שרה איז געוועזן אַן אלמנה און זעהר אָרעם דערצו. איהר מאַן איז געוועזן אַן אַרבייטער, און אַז ער איז געשטאָרבען איז שרה געבליבען אָהן א שפּייזער. שרה וואָלט געקענט געהן ארבייטען, דען זי איז נאָך געוועזן יונג, אָבער זי האָט געהאַט א קליין קינד, אַ אינגעלע, אַ יאָהר אַלט, אויף וועלכען זי האָט געדאַרפט אויפפּאַסען.

איהר לאַגע איז געוואָרען ערגער פון טאָג צו טאָג, און אָט זיינען

שוין געקומען די גרויסע ימים טובים, ראש השנה און סוכות. דעם לעצ־
טען דאָלאר וואָס זי האָט געהאַט האָט שרה אַוועקגעגעבען פאַר אַ טיקעט
אין אַ שוהל, וואו זי זאָל קענען דאַווענען און אויסבעטען אַ גוטען יאָהר.
אויף צו עסען איז איהר געבליבען בלויז טרוקען ברויט, אָבער ניט קיין
פיש און ניט קיין פלייש, און ניט אפילו אַ ביסעל מילך פאַר דאָס קינד.
שרה'ס איינציגע האָפנונג איז געווען אַז דער נייער יאָהר וועט איהר
ברייינגען בעסערען גליק, בעסערע צייטען.

ווען עס איז געקומען דער ערשטער טאָג ראש השנה און שרה האָט
געוואָלט געהן אין שוהל, האָט זי ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט דעם
קינד. איבערלאָזען דעם קינד אַליין אין הויז האָט זי ניט געקענט, האָט
זי באַשלאָסען איהם מיטצונעהמען אין זיין וועגעלע און איהם איבער־
לאָזען אין קאָרידאָר פון דער שוהל.

אַזוי האָט זי געטהאָן. זי האָט אָנגעפילט אַ פלעשעלע מיט וואַ־
רימע וואַסער און האָט דאָס געגעבען דעם קינד צו זויגען. דאָס קינד
האָט געפיהלט אַז דאָס איז ניט אַזוי געשמאַק ווי מילך, אָבער ער האָט
עס דאָך געזויגען, און איז מיט דעם איינגעשלאָפען געוואָרען אין זיין
וועגעלע.

די מוטער האָט דעם וועגעלע געשטעלט אונטער די טרעפ וועלכע
זיינען געווען אין דעם קאָרידאָר פון דער שוהל. זי האָט דעם קינד צוגע־
דעקט, און באַטראַכטענדיג זיין שלאָפעדיג געזיכט, האָט זי געזאָגט:
„די גוטע מלאכים זאָלען דיך אָבהיטען, מיין קינד!"

נאָכדעם איז די מוטער אַרויף אויבען, אין דער ווייבערשער שוהל,
און האָט גענומען דאַווענען פון איהר מחזור. זי האָט געוויינט, זי האָט
געבעטען פאַר זיך און פאַר איהר קינד. זי האָט זיך דערמאָנט ווי גליק־
ליך זי איז אַמאָל געווען ווען איהר מאַן האָט געלעבט, און זי האָט גע־
וויינט נאָך מעהר.

אין דער זעלבער צייט וואָס די מוטער האָט געוויינט אויבען, אין
דער ווייבערשער שוהל, האָט דאָס קינד זיך אויפגעכאַפט אונטען און
אויך גענומען וויינען, פון הונגער. דאָס קינד האָט געוויינט עטליכע
מינוטען, ביז עס איז אָנגעקומען אַ רייכע פרוי, וועלכע איז אויך געקומען

אין שוהל דאוונען. אז די רייכע פרוי האָט דערהערט אַ קינדערשען געװײן פון אונטער די טרעפּ, איז זי צוגעגאַנגען זעהן װער דאָס װיינט. און אַז זי איז צוגעקומען האָט זי געזעהן אַ שעהנעם אינגעלע, מיט בלויע אויגעלעך, און ער האָט געהאַלטען אָפען זיין מויל און געקייט זיין הענטעלע. מען האָט גלייך געקענט זעהן אַז ער איז געװען הונגעריג.

„דאָס קינד מוז געהערען צו אַן אָרימער פרוי, װעלכע איז געקומען אַהער דאַװנען און האָט ניט געהאַט אויף װעמען דאָס קינד איבערצולאָזען", האָט די רייכע פרוי געזאָגט. זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף דער פלעשעלע אין װעלכער עס האָט זיך נאָר געפונען אַ ביסעל װאַסער, און זי האָט װייטער געזאָגט:

„אָרימע מוטער! זי האָט ניט װאָס צו געבען דעם קינד עסען!"

אַ װיילע האָט די פרוי געטראַכט, נאָכדעם האָט זי געזאָגט: „גאָט װעט מיר מוחל זיין װאָס איך װעל היינט פאַרשפּעטיגען דעם דאַװנען. איך מוז געהן אַהיים און ברייגגען עפּעס עסען פאַר'ן קינד".

די רייכע פרוי איז אַװעק און איז אין עטליכע מינוטען צוריקגעקומען מיט אַ פלעשעלע װאַרימע מילך, װעלכע זי האָט דעם קינד גלייך געגעבען צו זויגען. דאָס קינד האָט זיך ערפרישט מיט די מילך. נאָכדעם האָט די פרוי גענומען אַ גרויסען פּעקעל װאָס זי האָט מיטגעבראַכט און האָט עס אַריינגעלעגט אין דעם װעגעלע. צולעצט האָט זי דעם קינד געגעבען אין האַנד אַ צװיבאַק. און איז נאָכדעם אַרויף אין שוהל דאַװנען.

שרה, די מוטער פון קינד, איז שפּעטער אַרונטער געקומען צו זעהן װאָס איהר קינד מאַכט, און זי האָט איהם געפונען קייענדיג דעם צװיבאַק און אין דעם װעגעלע האָט זי געזעהן אַ פלעשעלע אין װעלכען עס איז נאָך געװען אַ ביסעל מילך.

„די מלאכים פון הימעל שפּייזען מיין קינד!" האָט די אָרימע פרוי אויסגערופען. „גוטער גאָט, פערלאָז ניט מיין קינד אויף װייטער!"

דאָס קינד איז באַלד װידער איינגעשלאָפען און די מוטער איז װידער אַרויף אין שוהל דאַװנען.

װען מען האָט דעם דאַװנען געענדיגט און די אָרימע אלמנה איז

געגאַנגגען אַהיים, שטופּענדיג דעם וועגעלע אין וועלכען עס איז געזעסען איהר קינד, האָט זי ניט באמערקט אַז אַ פרוי געהט איהר נאָך. דאָס איז געוועזען די רייכע פרוי וועלכע האָט געוואָלט אויסגעפינען וואו די אָרימע מוטער וואוינט.

ווען שרה איז געקומען אַהיים האָט זי געפונען אין דעם קינד׳ס וועגעלע אַ געבראָטענע הוהן, חלה און פרוכטען. זי איז געוועזען אַזוי פאַרוואונדערט, דאָס זי האָט געמיינט אַז זי זעהט דאָס אין חלום, אָבער זי האָט באַלד אויפגעהערט זיך צו וואונדערען און האָט געזאָגט:

„די גוטע מלאכים האָבען זיך געזאָרגט פאַר מיר אויך״.

צו מנחה איז שרה ווידער געגאַנגגען אין שוהל. און ווען זי איז געקומען אַהיים, האָט זי ביי דער טהיר געפונען אַ קעסטעל מיט שפּייז, פיש, פלייש, חלה, פרוכטען און קליידער פאַר איהר און דעם קינד. „די גוטע מלאכים וועלען מיך שוין ניט לאָזען הונגערען מיר מיט מיין קינד! האָט זי אויסגערופען מיט גרויס פרייד. „מיין געבעט איז אָנגענומען געוואָרען״.

* * *

אויף מאָרגען, נאָך דעם צווייטען טאָג ראש השנה, ווען אַלע אידען האָבען געפאַסט צום גדליה, איז אַריינגעקומען די רייכע פרוי, דער „מלאך״, צו שרה׳ן און האָט איהר געפרעגט אויב זי וויל געהן צו איהר אַהיים.

„ווער זייט איהר, גוטע פרוי?„ האָט שרה געפרעגט. „זייט איהר פיליייכט דער מלאך וואָס האָט געשפּייזט מיך און מיין קינד דיזען יום טוב?״

„איך בין ניט אַ מלאך״, האָט די רייכע פרוי געענטפערט מיט אַ שמייכעל. „איך האָב נאָר געטהאָן וואָס יעדער איינער דאַרף טהאָן פאַר אָרימע פרויען אַזעלכע ווי איהר. איך בין געקומען אייך נעהמען צו מיר אַהיים מיט אייער קינד. איהר וועט קענען ביי מיר אין הויז אַרבייטען פאַר אייער ברויט און אייער קינד וועט זיך ערציהען צוזאַמען מיט מיינע״

„איהר זייט טאַקע אַ מלאך!״ האָט שרה געענטפערט. „מיין קינד וועט יעצט האָבען אַ היים און אַ מוטער״.

# אַ מענש אָהן אַ האַרץ

מענדיל איז געווען אַן אָרימער יתום. אָהן אַ פאָטער און אָהן אַ מוטער. האָט ער געלעבט פון דעם וואָס ער פלעגט פאַרקויפען צייטונגען אין גאַס. זומער אַזוי ווי ווינטער איז ער אַרומגעלאָפען אין די גאַסען פון דער שטאָדט אום צו פאַרדיענען אויף ברויט און נאַכטלעגער. ער האָט ניט געהאַט קיין קרוב און קיין פריינד. ער איז געווען איינער אַליין אין דער וועלט. און ווייל ער איז געווען עלענד האָט ער געמוזט אויסשטעהן זעהר פיעל צרות פון גרעסערע אינגלעך וועלכע פלעגען איהם טרייבען פון איין אָרט צום אַנדערען.

אָט אַזוי האָט זיך מענדיל ערצויגען און איז אויסגעוואַקסען אַ מענש מיט אַ פאַרביטערטער האַרץ געגען דער גאַנצער וועלט. ער האָט אַלעם און אַלעמען פיינד געהאַט, און אַז ער פלעגט זעהן ווי קינדער געהן מיט זייערע עלטערען, און ווי די עלטערען צייגען זיי אַרויס ליעבע, פלעגט ער די קינדער שטאַרק מקנא זיין. און זיין האַרץ איז נאָך מעהר פאַרביטערט געוואָרען.

אַז מענדיל איז געוואָרען עלטער האָט ער אָנגעהויבען צו פאַרדינען מעהר געלד, און אַז ער איז געוואָרען 18 יאָהר אַלט, האָט ער שוין געהאַט גענוג געלד צו מאַכען אַן אַנדער געשעפט. ער האָט אָנגעהויבען צו לייהען געלד אויף פראָצענט, נעהמענדיג טייערע שטיינער און ציערונג אַלס משכנות. פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרען אַלס רייכער און רייכער, אָבער ער האָט אַלס געלעבט פאַר זיך אַליין, אָבגעזונדערט פון מענשען. קיינער האָט איהם געליעבט און ער האָט אויך קיינעם געליעבט. ער האָט געלעבט זעהר קאַרג, האָט זיך ניט פאַרגונען אויסצוגעבען אַן איבעריגען סענט. ער האָט ניט געוואוסט פון קיין רוה און פון קיין פאַרגניגען, נאָר ער איז אימער געווען פאַרטאָן אין זיין געשעפט.

מיט דער צייט איז באַקאַנט געוואָרען אַז מענדיל איז געוואָרען זעהר אַ רייכער מאַן. מענשען האָבען אָנגעהויבען זוכען זיין פריינדשאַפט, אָבער ער האָט זיך פון זיי דערווייטערט. ער האָט די מענשען ניט געקענט פאַרגעסען דאָס וואָס זיי האָבען זיך פון איהם דערווייטערט ווען ער איז געווען אַן אָרימער, הונגעריגער און עלענדער אינגעל. אָרימע לייט

פלעגען קומען צו איהם בעטען הילף, אָבער ער פלעגט זיי ענטזאָגען. אַזוי ווי ער האָט קיינמאָל געוואוסט פון ליעבע, אַזוי האָט ער אויך ניט געוואוסט פון רחמנות. און מיט דער צייט האָט מענדיל באַקומען אַ נאָמען „דער מענש אָהן אַ האַרץ״.

ווען מענדיל איז שוין געוואָרען אַ בחור פון עטליכע און צוואַנציג יאָהר, האָט ער שוין ניט מעהר מקנא געווען קינדער וואָס געהן אַרום מיט זייערע עלטערען. יעצט האָט זיך אין זיין האַרץ ערוועקט אַ בענקשאַפט נאָך אַ פרוי, אַ חבר אין לעבען. עס איז איהם געוואָרען אומעדיג צו זיטצען איינער אַליין און ניט האָבען מיט וועמען אַ פריינדליך וואָרט אויסצורייִדען.

פיעלע מענשען האָבען איהם יעצט געזוכט צו באקומען פאַר אַן איידים, אָבער מענדיל האָט זיך געטראַכט: ניט מיך זוכען זיי, נאָר מיין געלד. ער האָט זיך דערוויטערט פון פרויען און אויף זיי געקוקט מיט פערדאַכט אַז זיי ווילען צונעהמען זיין געלד.

נאָר איינמאָל האָט זיך געמאכט אז מענדיל האָט זיך באקאָנט מיט אַן אָרימער מיידעל און זי איז איהם זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען. די מיידעל האָט ניט געוואוסט, אַז מענדיל איז זעהר רייך, און זי האָט איהם שטאַרק ליעב באַקומען. מענדיל האָט איהר אויך ניט געזאָגט אַז ער איז רייך און האָט זיך פאר איהר פאַרשטעלט אלס אן אָרימער אַרבייטער. „אָט דיזע ליעבט מיך מיט אַן אמת״, האָט מענדיל געזאָגט צו זיך, „און מיט דיזער וועל איך חתונה האָבען״.

אויך נאָכדעם ווי ער האָט מיט איהר חתונה געהאט האָט מענדיל איהר ניט אויסגעזאָגט אז ער איז רייך. ער האָט געוואָלט אויף וויטער אויך לעבען שפּארזאַם און ניט אויסגעבען א סך געלד. ער איז געווע גליקליך וואָס ער האָט אַן אמת׳ען פריינד וואָס ליעבט איהם ניט פאַר זיין געלד, און ער איז מיט איהר געווען גליקליך.

צו איהם אין געשעפט פלעגען נאָך אַלץ קומען מענשען וואָס האַבען געזוכט זיין פריינדשאַפט, אָדער בעטען זיין הילף, אָבער ער האָט זיי אַלעמען דערוויטערט פון זיך. ער האָט אַלץ ניט געקענט פארגעסען, אז ווען ער איז געווען אַן אָרימער אינגעל פלעגען זיי זיך דערוויי־

טערען פון איהם. ער האָט געוואוינט אין אַן אָרט וואו קיינער האָט איהם ניט געקענט, און קיינער האָט געוואוסט אז ער איז רייך.

אַ יאָהר נאָך מענדיל׳ס חתונה האָט איהם זיין פרוי געבאָרען אַ קינד. דאָס איז געווען אַ שעהנע מיידעלע וועלכע האָט אויסגעזעהן ווי איהר מוטער.

מענדיל האָט דאָס קינד זעהר ליעב באקומען, און יעצט האָט ער געלעבט נאָך גליקליכער. ערשט דאַן אז ער איז געוואָרען א פאָטער האָט ער זיין פרוי אויסגעזאָגט דעם סוד אז ער איז זעהר רייך און באַזיצט אַ גרויסען פאַרמעגען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו לעבען ברייטער. זיי האָבען ארייגעצויגען אין א שעהנע וואוינונג. מענדיל האָט אָבער זיין פרוי פאַרזאָגט אַז זי זאָל ניט ארייגלאָזען צו זיך אין הויז פרעמדע מענשען און זיי ניט געבען קיין געלד. זיין פרוי האָט אָבער דאָך געהאָלפען אָרימע מענשען אויף וויפיעל זי האָט געקענט, אָהן איהר מאַן׳ס וויסען.

זי האָט געוואוסט ווארום איהר מאַן איז געווען אזוי בייז אויף אַלעמען. זי האָט מיט איהר מאַן גרויס מיטלייד געהאט, זי האָט אָבער אויך רחמנות געהאט אויף די הונגעריגע מענשען וואָס קומען בעטען אויף ברויט.

איינמאָל האָט זיך געמאכט אַז מענדיל איז אַנגעקומען אין הויז גראַדע ווען זיין פרוי האָט גערעדט מיט אַן אָרימען מענשען. איז מענדיל געוואָרען שטאַרק בייז און האָט דעם אָרימאַן ארויסגעטריבען. דער אָרימאַן איז ארויס און האָט זיך געשוואָרען אז ער וועט פון איהם נעהמען נקמה.

אַ צייט איז אריבער און קיין זאַך איז ניט געשעהן. מענדיל און זיין פרוי האָבען שוין אויף יענעם אָרימאַן פאַרגעסען. אָבער איינמאָל, ווען זייער טאָכטער, העלען, איז שוין געווען א מיידעלע פיער יאָהר אַלט, און האָט זיך געשפיעלט איינע אליין אויף דער גאַס, איז זי פאַרשוואונדען געוואָרען און מען האָט ניט געוואוסט וואו זי איז אהינגעקומען. מען האָט איהר געזוכט איבעראַל, אָבער מען האָט איהר ניט געקענט געפינען.

ערשט דאַן האָט זיך מענדיל דערמאָנט אָן יענעם אָרימאַן וועלכען ער האָט אמאָל ארויסגעטריבען, און ווי יענער האָט זיך געשוואָרען אַז ער וועט פון איהם נעהמען נקמה.

מענדיל האָט יעצט איינגעזעהן אז ער איז געווען אונגערעכט, אַז ער האָט ניט ריכטיג געהאנדעלט געגען יענעם אָרימען מאן און געגען אַנדערע אָרימע לייט. עס האָט איהם שטאַרק פארדראָסען, און זיין הארץ איז אויסגעגאנגען נאָך זיין קינד.

און ער איז געוואָרען גאָר אַן אנדער מענש, מענדיל. ער האָט אָנגעהויבען ארומצוגעהן איבער די אָרימע גאַסען און זיך צוקוקען צו די קינדער וואָס האָבען זיך געשפּיעלט אין גאַס, פיליכט וועט ער טרע־פען זיין מיידעלע.

פיעל מאָל אז ער האָט געזעהן אָרימע באָרפיסע קינדער אין גאַס, האָט ער זיי געלד געגעבען. ער האָט זיך געטראכט, פיליכט הונגערט יעצט מיין אייגען קינד אזוי ווי דיזע אָרימע קינדער.

דער אַמאָליגער שלעכטער און קאַרגער מענדיל, דער מענש אָהן אַ הארץ, האָט אויסגעפונען אַז העלפען אָרימע מענשען מאַכט לייכטער אַלע שמערצען, און יעדען מאָל אַז ער האָט געגעבען געלד צו אַן אָרים קינד, האָט ער געפיהלט א גרויסע טרייסט אין האַרצען.

און איינמאָל אז ער איז געקומען אהיים, א מיעדער פון לאַנג ארומגעהן, איז איהם זיין פרוי געקומען אנקעגען מיט א גרויסער שמחה: „אונזער קינד איז דאָ! אונזער העלען איז צוריקגעקומען!“

העלען איז ריכטיג אין דעם טאָג צוריקגעקומען. צו איהר קליידע־לע איז געווען צוגענעהט אַ צעטעלע אויף וועלכען עס איז געשטאַנען: „איך האָב אייך נעכטען געזעהן אין גאַס געבען מיין קינד א דאָלאר, האָב איך אייך מוחל געווען וואָס איהר האָט מיך אמאָל פון אייער הויז ארויסגעטריבען, און איך ברייננ אייך אייער קינד צוריק“.

און זייט דאַן איז מענדיל געוואָרען א גוטער מענש צו אַלעמען.



# מענדעלע גבור

מענדעלע גבור איז געווען אן ארימער שניידער און א גאנץ שוואַכער מענשעל. ווי אַזוי ער איז געוואָרען אַ גבור דאָס וועט איהר וויסען אַז איהר וועט לעזען דיזע מעשה.

איינמאָל איז מענדעלע געזעסען אין זיין אָרימער שטיבעל און גענעהט. אויף זיין טיש איז געלעגען א שטיק ברויט באשמירט מיט האָניג, וואָס ער האָט זיך אָנגעגרייט פאר זיין מיטאג. פליגען האָבען דאָך אויך ליעב האָניג, האָבען זיי זיך אַרומגעקליבען אויף דעם שטיק ברויט און גענומען נאַשען פון דעם האָניג. מענדעלע האָט זיי פארטריבען איינמאָל און א צווייטען מאָל און יעדען מאָל זיינען די פליגען צוריקגעקומען. צולעצט איז ער געוואָרען אין כעס און האָט געגעבען א פאטש, זיינען די פליגען געפאלען טויט.

מענדעלע האָט דערנאָך איבערגעצעהלט די פליגען וואָס ער האָט גע׳הרג׳עט. זיי זיינען געווען פונקט זיבען אין צאָהל. האָט ער געזאָגט צו זיך: „יעצט בין איך א גבור. איך האָב גע׳הרג׳עט זיבען אויף איין מאָל”, און ער איז געוואָרען זעהר שטאָלץ ביי זיך.

„איך בין א גבור, א גרויסער העלד!” האָט ער געזאָגט צו זיך. „אָבער פאר וואָס זאָל די גאַנצע וועלט ניט וויסען וואס פאר א גבור איך בין? איך מוז מאַכען אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסען פון מיין גבורה”.

האָט מענדעלע גענומען א לאנגען פאפיר און האָט אויף דעם אָנגעשריבען: „דער׳הרג׳עט זיבען אויף איין מאָל”. און נאָכדעם האָט ער דעם פאפיר ארומגעבונדען ארום זיין קאפעלוש. ער האָט גענומען א שטעקען און האָט זיך געלאָזט געהן איבער דער וייטער וועלט.

ער איז געווען זעהר אָרים און מעהר ווי א שטיקעל הארטע קעז האָט ער ניט געהאט אויף מיטצונעהמען. אויפ׳ן וועג האָט ער געכאפט א קליינעם פויגעל, האָט ער איהם אריינגעלייגט צו זיך אין בוזים, א לעבעדיגען.

ווען ער איז אריין אין וואלד האָט ער דאָרט געפונען א ריעז. דער ריעז איז געווען א רויבער, אָבער מענעדעלע האָט זיך פאר איהם ניט

דערשראָקען. ער איז צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט: „וואָס מאַכסטו, גוטער ברודער?"

אָבער דער ריעז האָט איהם אָנגעקוקט מיט שפּאָט און געזאָגט: „ווער ביזטו, קליינער מענשעלע?"

„דו זעהסט ניט ווער איך בין?" האָט מענדעלע געזאָגט. „אָט לעז וואָס עס שטעהט געשריבען אויף מיין היטעל. איך האָב דער־הרג'עט זיבען אויף איין מאָל".

דער ריעז האָט איהם אָבער ניט געגלויבט און ער האָט איהם גע־וואָלט אויספּרובירען, האָט דער ריעז גענומען א שטיין אין די הענד און האָט עס צוריבען אויף זאמד.

„קענסטו דאָס אויך טאָן?" האָט דער ריעז געפרעגט.

„יאָ", האָט מענדעלע געענטפערט. „איך עס אזעלכע שטיינער", און מענדעלע האָט ארויסגענומען דעם הארטען קעזעל פון זיין טאַש און האָט דאָס געגעסען.

„קענסטו וואַרפען אזוי הויך?" האָט דער ריעז געפרעגט, און ער האָט גענומען א שטיינדעל און האָט עס געוואָרפען זעהר הויך.

„אז איך וואַרף עפּעס", האָט מענדעלע געזאָגט, „פליהט עס אַוועק אזוי הויך, אַז עס פאַלט מעהר קיינמאָל צוריק ארונטער". און מענ־דעלע האָט אַרויסגענומען דעם פויגעל פון זיין בוזים און האָט איהם אַ וואַרף געטאָן אין דער הויך. עס פאַרשטעהט זיך אַז דער פויגעל איז צוריק ניט געקומען.

„יעצט זעה איך אַז דו ביזט א גרויסער העלד", האָט דער ריעז געזאָגט. „קום מיט מיר אהיים און איך וועל דיך פאָרשטעלען פאַר מיינע חברים".

מענדעלע איז מיט דעם ריעז געגאַנגען. זיי זיינען געקומען אין אַ הייהל, אין מיטען וואַלד. דאָרט זיינען געזעסען נאָך צוויי ריעזען און האָבען געגעסען א שעפּס. יעדער איינער האָט געהאַלטען א האלבען שעפּס אין האנד און געגעסען.

זיי האָבען איינגעלאַדען מענדעלען אויף נאַכטלעגער. מענדעלע האָט זיך געלייגט אין א גרויסען בעט. אָבער שפּעטער, אז אלע זיינען

איינגעשלאָפען, האָט ער פון די קישענס געמאכט א מענשעלע און איהם איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע. אליין האָט ער זיך געלייגט אונטער'ן בעט.

האלבע נאכט איז דער גרעסטער ריעז צוגעגאנגען צו דער בעט און האָט מיט א שווערד צושניטען דעם מענשעלע, מיינענדיג אַז דאָס איז מענדעלע.

גלייך נאָכדעם איז מענדעלע ארויסגעקראָכען פון אונטער דער בעט און זיך אוועקגעלייגט אויף זיין פריהערדיגען אָרט.

אין דער פריה, אַז די דריי ריעזען האָבען איהם דערזעהן א לעבע־דיגען, האָבען זיי זיך פאן איהם דערשראָקען און זיינען אנטלאָפען.

מענדעלע איז אַוועק וויטער. ער איז געגאנגען און געגאנגען ביז ער איז אָנגעקומען אין א פרעמדער לאנד. ווי די מענשען האָבען דערזעהן פון זיין היטעל אַז ער האָט דער'הרג'עט זיבען אויף איין מאָל, האָבען זיי פון דעם געמעלדעט זייער קעניג. דער קעניג האָט מענדעלען געלאָזט רופען צו זיך און האָט צו איהם געזאָגט:

„אַזאַ גבור ווי דו איז גוט צו האָבען ביי מיר אין לאנד. איך וועל דיך מאַכען פאר אַ גענעראַל".

„איך בין צופריעדען צו זיין א גענעראַל", האָט מענדעלע געענט־פערט.

אָבער ווי די סאָלדאטען האָבען דערהערט וואָס פאר א גבור זייער גענעראל איז, זיינען זיי געקומען צום קעניג און געזאָגט: „מיר האָבען מורא צו דיענען אונטער איהם. פאַר א קלייניגקייט קען ער אונז דאָך דער'הרג'ענען. אַ שפּאס, אַ מענש וואָס קען הרג'ענען זיבען אויף איין מאָל!"

און אז דער קעניג האָט פון דעם דערהערט, האָט ער חרטה בא־קומען וואָס ער האָט מענדעלען צוגענומען צו זיך. ער האָט אויך מורא באקומען פאר איהם. האָט דער קעניג גענומען זוכען מיטלען ווי פון איהם פטור צו ווערען.

האָט דער קעניג גערופען מענדעלען צו זיך און האָט צו איהם אזוי געזאָגט: „דאָ ניט ווייט פון דאַנען איז דאָ א וואלד, און אין דעם וואַלד

גערפינען זיך צוויי שטארקע רויבער וואָס באפאלען רייזענדע און באַ־רויבען זייערע פארמעגענס. אויב דו וועסט טויטען דיזע צוויי רויבער, וועל איך דיר געבען מיין טאָכטער פאר א פרוי און א העלפט פון מיין קעניגרייך אלס נדן".

מענדעלע האָט זיך אָנגענומען צו הרג׳ענען די צוויי רויבער. דער קעניג האָט איהם געגעבען עטליכע רייטער, און מענדעלע איז מיט זיי אַוועקגעפאָהרען אין וואַלד".

די רייטער האָט מענדעלע געהייסען זיך אָבשטעלען ניט ווייט פון וואלד, און אליין איז ער אריין פאוואָלינקע אין וואלד אינעווענינ. ער איז ארויפגעקראָכען אויף א בוים, ארויפגעקלעטערט גאנץ הויך און ארונטערגעקוקט.

„ דאָס איז געווען א קאָקאָ נוס בוים. יעדער נוס האָט געוואויגען עטליכע פונט. מענדעלע האָט דערזעהן ווי אונטען שלאָפען די צוויי רויבער.

האָט ער אָבגעריסען א נוס וואָס האָט געוואויגען ביי פינף פונט און האָט עס א שליידער געטאָן איינעם פון די רויבער אין געזיכט. דער רויבער האָט זיך אויפגעכאפט מיט א געשריי, און מיינענדיג אז דאָס האָט אין שפאָס געטאָן זיין חבר וואָס איז געלעגען נעבען איהם, האָט ער איהם אראבגעלאָזען א זעץ אין הארצען. דער אַנדער רויבער האָט זיך אויך אויפגעכאפט און זיי האָבען זיך גענומען שלאָגען. זיי האָבען אויסגעריסען גאנצע בוימער און זיך געשלאָגען איינע די אַנדע־רע, ביז ביידע זיינען געלעגען צובלוטיגטע אויף דער ערד. דאן איז מענדעלע אַרונטער פון בוים, גענומען זיין שווערד און האָט זיי אָבגע־שניטען די קעפּ.

נאָכדעם האָט ער גערופען די רייטער וואָס האָבען געווארט אויסען וואלד און ער האָט זיי געצייגט ווי די צוויי ריעזען ליעגען טויט.

מענדעל האָט באוויזען אַז ער איז א גרויסער גבור און דער קעניג האָט איהם געמוזט געבען זיין טאָכטער פאר א פרוי און דערצו א העלפט פון זיין קעניגרייך.

איינמאָל האָט דעם קעניג׳ס טאָכטער געהערט ווי מענדעלע רעדט

פון שלאָף: „גנעדיגער הערר! אייער ראָק וועל איך זיכער מאַכען פארטיג אויף שבת“. און ווי דעם קעניג׳ס טאָכטער האָט דאָס דער־הערט, האָט זי זיך אָנגעשטויסען אַז מענדעלע איז ניט א העלד, נאָר אַן אָרימער שניידער. האָט זי פון דעם דערצעהלט דעם קעניג.

דער קעניג האָט געגעבען א באַפעהל צו זיינע דיענער, אז ווען מענדעלע וועט איינשלאָפען ביינאכט, זאָלען זיי צוגעהן צו איהם אין דער שטיל און איהם אָבהאַקען דעם קאָפּ. אָבער צווישען די דיענער איז געווען איינער וואָס האָט מענדעלען ליעב באקומען, און ער האָט איהם דערצעהלט אַז דער קעניג וויל איהם טויטען.

ביינאכט אז דעם קעניג׳ס טאָכטער האָט געזעהן אז איהר מאַן שלאָפט שוין, האָט זי געעפענט די טהיר און האָט געזאָגט די דיענער אַז זיי קענען שוין אריינגעהן, אָבער פּלוצלונג האָט זיך געהערט מענ־דעלע׳ס שטימע, ווי ער רעדט פון שלאָף:

„זיעבען האָב איך דער׳הרג׳עט אויף איין מאָל, צוויי ריעזען האָב איך די קעפּ אָבגעשניטען, זאָל איך מיך שרעקען פאַר אַ פאַלשע פּרוי מיט אַ פּאָר לומפּיגע דיענער וואָס שטעהען דאָרט אין טהיר? עס וועט א לעבעדיגער פון זיי ניט בלייבען!“

ווי די דיענער האָבען דאָס דערהערט, זיינען זיי אַנטלאָפען. דעם קעניג׳ס טאָכטער האָט זיך אומגעקעהרט און איז געפאלען מענדעלען צו די פיס און געבעטען ער זאָל איהר מוחל זיין. דער קעניג איז אנט־לאָפען פאר מורא, און מענדעלע גבור איז געוואָרען מלך איבער׳ן גאַנ־צען לאַנד.

---

## דער שלעכטער קעניג און די גוטע פלייה

אמאָל, אמאָל איז געווען א מלך, זעהר א שלעכטער וועלכער האָט אומגליקליך געמאכט זיין פאָלק. זיי האָבען איהם געהאסט, אָבער זיי האָבען פון איהם ניט געקענט זיך באפרייען ווייל ער האָט געהאט א סך וועכטער ארום זיך און א גרויסע ארמיי מיט סאָלדאַטען צו פאר־היטען פון אַן אויפשטאַנד.

יעדען טאָג פלעגט ער אויפשטעהן נאָך אַן ערגערער מענש ווי

נעכטען. זיינע דיענער האָבען פאר איהם מורא געהאַט און אין האר־צען האָבען זיי איהם געשאָלטען. זיין אייגענע פרוי און קינדער האָבען איהם געהאסט. אזא רשע איז דאָס געווען.

איינמאָל האָט אין דעם פּאַלאַסט פארבלאָנדזשעט א פליה. און זי איז געווען גאַנץ פארשידען פון אַנדערע פליהען, דען זי איז געווען אַ קלוגע און א גוטע. זי פלעגט בייסען נאָר דאַן ווען זי איז געווען זעהר הונגעריג, און אויך דאַן פלעגט זי בייסען נאָר די שלעכטע. גוטע מענשען פלעגט זי ניט בייסען.

נו, אז דיזע פליה איז אָנגעקומען אין דעם קעניג׳ס פּאַלאַסט, האָט זי גלייך דערקענט אַז ער איז זעהר א שלעכטער מענש, און אז זי האָט זיך דערוואוסט ווי שלעכט ער איז צו זיינע קנעכט און זיינע אונטער־טהאַנען האָט די פליה זיך אונטערנומען צו מאכען איהם בעסער.

„עס איז אפילו א געפעהרליכער עסק זיך אָנצוהויבען מיט אַזאַ גרויסען רשע", האָט די פליה געזאָגט, „אָבער איך וועל דאָך פּרובירען".

און יענע נאַכט אַז דער קעניג האָט זיך געלייגט אין בעט האָט ער געפיהלט אזוי ווי א שטאָך פון א נאָדעל.

„וואָס איז דאָס?" האָט ער מיט כעס אויסגערופען.

„א קליינע פליה וואָס וויל אויסבעסערען א גרויסען קעניג", איז געווען דער ענטפער.

„א פליה? וואַרט אַ מינוט. איך וועל דיר שוין ווייזען!"

דער קעניג איז אויפגעשפּרונגען פון בעט, האָט צוגערופען זיינע דינער און האָט זיי געהייסען זוכען די פליה. די דינער האָבען איבער־געטרייסעלט אַלע קישענס, מאַטראַצען און די קאָלדרעס, אָבער זיי האָ־בען די פליה ניט געפונען. און ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל די פליה האָט זיך די גאַנצע צייט באהאלטען ביים קעניג אין באָרד.

דער קעניג האָט זיך נאָכדעם צוריק אריינגעלייגט אין בעט, מיי־נענדיג אַז די פליה האָט זיך שוין גוט אָנגעשראָקען און וועט שוין מעהר ניט קומען. אָבער ווי נאָר ער האָט אוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויפ׳ן קישען, איז די פליה צוריק ארויס פון איהר באהעלטעניש און האָט איהם ווידער א ביס געטאָן.

„דו קליינע באַשעפענים!“ האָט דער קעניג בייז אויסגעשריען. „דו וואַגסט זיך צוריק צו קומען? דו, וואָס דו ביזט ניט גרעסער פון א זעמדעלע, וואַגסט זיך צו רייצען מיט דעם גרעסטען קעניג אויף דער וועלט?“

די פליעה האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר זי האָט ווייטער געבי־סען. דער קעניג האָט א גאַנצע נאַכט ניט געקענט צומאַכען אַן אויג. און אויף מאָרגען, אז ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זעהר שלעכט געפיהלט און האָט צו קיינעם א גוט וואָרט ניט גערעדט. ער האָט געגעבען א באַפעהל אַז מען זאָל אויסרייניגען זיין פּאַלאַסט פון פוסבאָ־דען ביז'ן דאַך, אין יעדען ווינקעלע.

און נאָכדעם ווי זיינע קנעכט האָבען אויסגערייניגט אין יעדען ווינקעלע און זיי האָבען די פליעה נאָך אלץ ניט געפונען, זיינען געקומען צוואַנציג פּראָפעסאָרען מיט גרויסע מיקראָסקאָפען און האָבען אויך געזוכט. אָבער אויך די פּראָפעסאָרען האָבען די פליעה ניט געקענט געפינען, דען זי האָט זיך באַהאַלטען אונטער דעם קראַגען פון דעם קעניג'ס ראָק.

יענע נאַכט האָט זיך דער קעניג געלייגט אין בעט זעהר פרויה, וויל ער איז געוועזען שטאַרק מיעד פון די צוויי נעכט וואָס ער האָט ניט גע־שלאָפען.

און נאָך איידער ער האָט געקענט איינשלאָפען האָט ער ווידער דערפיהלט א שטאַרקען ביס.

„ווער איז דאָס?“ האָט דער קעניג אויסגעשריען.

„די פליעה!“

„וואָס ווילסטו ווידער?“

„איך וויל אַז דו זאָלסט פאָלגען דאָס וואָס איך וועל דיר זאָגען. איך וויל אַז דו זאָלסט מאַכען דיין פאָלק גליקליך.“

„וואס פאר אַ חוצפה דאָס איז צו מיר אזוי צו ריידען!“ האָט דער קעניג אויסגעשריען ארומלויפענדיג איבער'ן צימער. „וואַרט, איך וועל דיר צייגען ווער איך בין!“

דער קעניג האָט צוגערופען א דיענער און איהם געהייסען אַז ער

זאָל בלאָזען דריי מאָל אין אַ טראָמפּעט. דאָס איז געווען א סיגנאַל אַז דער קעניג איז אין סכנה, אז ער איז באַפאַלען פון א שונא. און גלייך ווי דער סיגנאַל איז געגעבען געוואָרען, האָבען אין קעניג׳ס פּאַלאַסט אָנגעהויבען ארײנמארשירען סאָלדאַטען. אָפיצירען און גענעראַלען, און אויך דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דעם קעניג׳ס ארמיי.

„ווער האָט דאָס געוואַגט צו שטערען די רוהע פון אונזער גרויסען הערשער?" האָט דער הויפּט קאָמאנדיר געפרעגט.

„א פליה, א קליינע פליה", האָט דער קעניג געענטפערט. „זי האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיין לעבען און שוין צוויי נעכט, אַז זי לאָזט מיך ניט שלאָפען, זי בייסט מיך, און רעדט געגען מיר מיט חוצפה."

דער הויפּט קאָמאנדיר האָט געגעבען א באפעהל און די סאָלדאטען האָבען זיך אויסגעשטעלט מיט די ביקסען אין די הענד און געוואַרט.

„רעכט, לינקס; רעכט, לינקס — מארש!" האָט דער קאָמאנדיר אויסגערופען.

די סאָלדאטען האָבען גענומען מאַרשען איבער׳ן קעניג׳ס גרויסען שלאָף צימער. פאַראויס זיינען געגאנגען די מיליטערישע מוזיקאנטען און האָבען געשפּיעלט דעם קריעגס־מארש. דעם רעש פון די פּויקען און טראָמפּעטען האָט מען געהערט פאר מיילען. די פּאטריאָטען פון לאנד זיינען ארויסגעשפּרונגען פון זייערע בעטען און זיינען געלאָפען צום קעניג׳ס פּאַלאַסט פרעגען אויב מען דאַרף האָבען וואָלונטירען צו פארגרעסערען די ארמיי. און ווען מען האָט זיי געזאָגט אַז דער שונא געגען וועמען דער קעניג פיהרט יעצט מלחמה איז בלויז א פליה, זיינען זיי גלייך אוועקגעלאָפען אהיים פיהרען מלחמה מיט זייערע אייגענע פליה.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבען די סאָלדאַטען מיט זייערע אָפיצירען און גענעראַלען געזוכט דעם פּיצינאָטיקען שונא, אָבער זיי האָבען איהם ניט געקענט געפינען. דען די פליה האָט זיך באַהאַלטען אין דעם קעניג׳ס האָאר און איז זיך די גאַנצע צייט דאָרט רוהיג געלעגען.

„זאָל דער קעניג פּרובירען שלאָפען אין אַן אַנדער צימער", האָט איינער פון די מיניסטאָרען געזאָגט.

די עצה איז דעם קעניג זעהר געפעלען געוואָרען, און ער האָט זיך געלייגט אין אַן אַנדער צימער, גאַנץ ווייט פון זיין שטענדיגען שלאָף־צימער.

און וואָס מיינט איהר איז געווען? די זעלבע זאַך וואָס פריהער. ווי נאָר ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אַזוי האָט די פלייה איהם גענומען בייסען און בייסען, מיט אַזאַ שנעלקייט, מיט אַזאַ הונגער, דאָס דער קעניג האָט אויף זיך צוריסען דאָס לייב פאַר וועהטאָג.

אַזוי איז געווען אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט, ביז דער קעניג איז געוואָרען אַזוי מיעד און שוואַך פון ניט שלאָפען, דאָס מען האָט געמיינט אַז ער שטאַרבט שוין אַוועק. צולעצט האָט ער זיך באַשלאָסען צו פאָלגען די פלייה.

„איך גיב זיך אונטער", האָט ער געזאָגט. „איך וועל טאָן אַלעס וואָס דו וועסט מיר הייסען. זאָג, וואָס פערלאַנגסטו פון מיר?"

„דו מוזט מאַכען אַז דיינע מענשען זאָלען קענען לעבען גליקליך", האָט די פלייה געענטפערט.

„ווי אַזוי זאָל איך עס טאָן?" האָט דער קעניג געפרעגט.

„דו זאָלסט פארלאָזען דאָס לאַנד און קיינמאָל צוריק קומען".

„קען איך מיטנעהמען מיין גאָלד און זילבער?"

„ניין", האָט די פלייה געענטפערט. „דען אַלעס וואָס דו האָסט באַלאַנגט צו דיין פאָלק ווען דו האָסט דיין גאַנצען לעבען גערויבט און גערויבט".

אָבער ווען דער קעניג האָט אָנגעהויבען צו וויינען האָט די פלייה באַקומען רחמנות אויף איהם און האָט איהם ערלויבט מיטצונעהמען אַזוי פיעל גאָלד, וויפיעל עס האָט געקענט אריינגעהן אין זיינע טאַשען.

און נאָכדעם ווי דער קעניג איז אַוועק האָט דאָס פאָלק זיך פאַראייניגט און געגרינדעט אַ רעפובליק. און יעצט לעבען זיי אַלע אין פרייהייט און גליק.



# דער פאלאסט פון רעמסס

רעמסס דער דריטער, דער גרויסער קעניג פון מצרים, איז געווען זעהר רייך. איינמאל האט רעמסס פאררופען זיינע חרטומים, די קלוגע לייט, און צו זיי אזוי געזאגט: איך וויל זיך בויען א הויז וואו איך זאל קענען האלטען מיין גאלד און זילבער. דארום בעט איך אייך איהר זאלט מיר געבען אן עצה ווי איך זאל מאכען די געביידע אזוי שטארק, אז גנבים זאלען ניט קענען איינברעכען ביינאכט און ניט קענען גנב'ענען מיין פארמעגען.

האבען די חרטומים געטראכט דריי טעג מיט דריי נעכט, און נאכ־דעם זיינען זיי געקומען צו רעמסס און האבען געזאגט:

„אונזער האר קעניג, אייביג זאלסטו לעבען! דריי טעג מיט דריי נעכט האבען מיר געטראכט און אזוי האבען מיר בארעכענט. די הויז פאר דיין אוצר זאלסטו לאזען בויען נעבען דיין פאלאסט. קיינע טיהרען און קיינע פענסטער זאלסטו לאזען מאכען אין די וואנד, בלויז אין איין וואנד זאל זיך געפינען פאר דיר א קליינע טיהר, וועלכע זאל זיין פאר־שלאסען מיט א פעסטען שלאס. דאן וועסטו קענען שלאפען רוהיג און דו וועסט ניט דארפען זיך שרעקען פאר גנבים.

דעם קעניג איז די עצה פון די חרטומים זעהר געפעלען געווארען און ער האט גערופען איינעם פון די גרעסטע ארכיטעקטען פון זיין לאנד און איהם געהייסען בויען אזא הויז ווי די חרטומים האבען גע־ראטען.

אבער דער ארכיטעקט איז געווען א קלוגער יונג און ער האט גע־זאגט: „אט דא האב איך א געלעגענהייט רייך צו ווערען!“ האט ער אויסגעבויט א שעהנע און א שטארקע הויז, ווי עס פאסט זיך פאר א הויז אין וועלכע דער קעניג דארף האלטען זיינע אוצרות. קיין פענסטער און קיין טיהרען האט ער געמאכט אין דער הויז, בלויז א קליינע טיהר פאר דעם קעניג. אבער אויסער דעם האט ער געמאכט אין איינע פון די וואנד נאך א טיהר פאר זיך אליין, וועלכע קיינער האט געקענט בא־מערקען און נאר ער אליין האט געוואוסט ווי ארייינצוקומען און ווי ארויסצוגעהן. ער האט גערעכענט אז ווי באלד דער קעניג רעמסס וועט

אין דער הויז אוועקלעגען זיין גאָלד און זילבער און זיינע טייערע שטיי־נער, וועט ער קומען שפעט ביינאכט, אריינגעהן דורך דער געהיימער טיהר, און וועט פון דאָרט ארויסנעהמען פיעל ער וועט קענען טראָגען.

אָבער נאָך איידער דער ארכיטעקט האָט געקענט אויספיהרען זיין פלאן איז ער שטארק קראנק געוואָרען. ווען ער האָט געזעהן אז זיין קראנקהייט איז א געפעהרליכע און אז ער מוז שטארבען, האָט ער צו־גערופען זיינע צוויי זיהן און האָט זיי פארטרויט דעם סוד וועגען דער געהיימער טיהר און ווי זיי קענען צונעהמען דעם קעניג׳ס אוצרות.

נאָכדעם איז דער ארכיטעקט אוועקגעשטאָרבען.

איינמאָל שפעט ביינאכט, ווען אלע מענשען האָבען שוין געשלאָ־פען, זיינען די צוויי ברידער ארוים פון דער היים און אוועק צו דער הויז וואו עס זיינען געלעגען דעם קעניג׳ס אוצרות. זיי האָבען געפונען די געהיימע טיהר אזוי ווי זייער פאָטער האָט זיי געזאָגט און זיי זיינען אריין אינווייניג. און נאָכדעם ווי זיי האָבען צוגענומען אזוי פיעל גאָלד און זילבער וויפיעל זיי האָבען געקענט טראָגען, האָבען זיי פארמאכט די געהיימע טיהר, און די וואנד האָט אויסגעזעהן אזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין טיהר ניט געהאט.

קיינער האָט ניט געוואוסט פון זייער אריינקומען און ניט פון זייער ארויסגעהן.

רעמסס איז אויפגעשטאנען אין דער פריה און האָט באזוכט די הויז פון זיינע אוצרות, און ווי פארוואונדערט ער איז געוואָרען, אז ער האָט דערזעהן דאָס עס פעהלען איהם זעהר פיעל זאכען. ער האָט אונטער־זוכט די געביידע פון אלע זייטען, אויב דאָרט איז ערגעץ ניטאָ א לאָך אין וואנד דורך וועלכע די גנבים זיינען אריינגעקומען, אָבער די הויז איז געווען גאנץ ווי געווען, און דער שלאָס פון דרויסען איז געווען אונ־באריהרט פון קיינעם אויסער פון איהם אליין. דאָס האָט דעם קעניג שטארק געוואונדערט.

דער קעניג האָט פאררופען זיינע חרטומים און האָט זיי דערצעהלט וואָס עס איז געשעהן, און האָט זיי געפרעגט וואָס ער זאָל טאָן אום צו קענען כאפען דעם גנב.

און די חרטומים האָבען געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט, נאָכ־דעם זיינען זיי געקומען צו רעמסס און האָבען צו איהם אַזוי געזאָגט:

„לעבען זאָל אונזער קעניג אייביג! דריי טעג מיט דריי נעכט האָבען מיר געטראַכט און עס איז ביי אונז געבליבען אַז דער קעניג זאָל פאַרשפּרייטען קונציגע נעטצען איבער די קאַסטענס מיט די טייערע זאַכען וואָס ליגען אין זיין אוצר, און אַז דער גנב וועט קומען נאָך אַמאָל וועט ער זיך פאַרטשעפּען אָן דעם נעטץ און וועט ניט קענען אַרויסגעהן. און אויף מאָרגען וועט דער קעניג איהם קענען באַשטראָפען ווי ער האָט פאַרדיענט“.

די עצה איז דעם קעניג זעהר געפעלען געוואָרען און ער האָט גע־הייסען מאַכען די נעטצען.

ביינאַכט זיינען די צוויי ברידער ווידער געקומען אין דעם קעניג׳ס אוצר, אָבער ווי נור דער ערשטער פון זיי איז אריין אינווענינ, האָט ער זיך פאַרטשעפּעט מיט זיין פוס און איז געפאַלען. דער אַנדער ברודער האָט שוין מורא געהאַט אריינצוקומען. דער געפאַנגענער האָט פּרו־בירט ארויסציהען זיין פוס, אָבער וואָס מעהר ער האָט געזוכט פון דעם נעטץ זיך צו באַפרייען, אַלץ טיעפער האָט ער זיך איינגעפלאָנטערט. זעהענדיג אַז ער קען זיך ניט רעטען, האָט ער געזאָגט צו זיין ברודער:

„מיין טייערער ברודער! איך זעה אַז איך בין שוין פאַרלאָרען, זעה כאָטש אַז דו זאָלסט בלייבען לעבען פון אונזער גוטע מוטער׳ס וועגען. סאַי ווי וועט מען מיך שוין טויטען, טאָ נעהם בעסער דו און שנייד אַראָב מיין קאָפּ וועט מען ניט וויסען ווער איך בין, און מען וועט דיך ניט אויס־געפינען דורך מיר“.

דער ברודער האָט געטאָן דעם פערלאַנג פון דעם אונגליקליכען און נאָכדעם ווי ער האָט צוגעמאַכט די געהיימע טיהר איז ער אַוועק אַהיים.

אין דער פריה איז דער קעניג אַריין מיט זיינע דיענער צו זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך, האָבען זיי געפונען אַ מענשען אָהן אַ קאָפּ. און זיי האָבען ניט געקענט פאַרשטעהן ווי ער איז אַהין אַריין און ווער ער איז געווען.

דער קעניג האָט ווידער געשיקט נאָך די חרטומים.

דריי טעג און דריי נעכט האָבען די חרטומים זיך בּאַראַטהען. נאָכדעם זיינען זיי געקומען צום קעניג און האָבען אַזוי געזאָגט:

„אונזער קעניג! אייביג זאָלסטו לעבען! דריי טעג מיט דריי נעכט האָבען מיר געטראַכט און עס איז ביי אונז געבּליבען אַז מען זאָל דעם טויטען קערפּער אָהן אַ קאָפּ אויפהענגען אין מיטען גאַס און מען זאָל אַוועקשטעלען וועכטער וואָס זאָלען אויפפּאַסען די מענשען וואָס געהן פאַרביי. און אויב עס וועט פאַרבייגעהן איינער וואָס וועט אָנהויבען וויינען זעהענדיג דעם קערפּער, וועט דאָס זיין אַ סימן אַז דאָס איז איינער פון זיין משפחה“.

דער קעניג האָט אַזוי געטאָן.

די צוויי ברידער האָבען געהאַט אַן אַלטע מוטער און ווי זי האָט זיך דערוואוסט אַז מען האָט אויפגעהאַנגען איהר זוהן׳ס קערפּער אין מיטען מאַרק, האָט זי געזאָגט צו איהר אַנדער זוהן: „דו מוזט מיר אַהער ברענגען דיין ברודער׳ס קערפּער, אום מיר זאָלען איהם קענען באַלזאַמירען און איהם טאָן זיין רעכט“.

דער זוהן האָט גענומען עטליכע גרויסע לאָגלען וויין און האָט זיי אָנגעלאָדען אויף אַן עזעל. ביינאַכט איז ער מיט דעם געפאָהרען אין מאַרק. ווען ער איז געקומען צו דעם אָרט וואו דער קערפּער איז געהאַנגען, האָט ער געמאַכט אַ לאָך אין איינעם פון די לאָגלען און דער וויין האָט זיך אָנגעהויבען צו גיסען אויף דער ערד. ווען די וועכטער האָבען דערזעהן ווי דער וויין גיסט זיך, האָבען זיי געכאַפּט כלים און גענומען שעפּען דעם וויין פון דער ערד און טרינקען. „איהר ווילט וויין?“ האָט דער ברודער צו זיי געזאָגט. „איך וועל אייך געבען פיעל איהר ווילט“. און ער האָט זיך מיט זיי אַוועקגעזעצט טרינקען. ווען זיי זיינען שוין איינגעשלאָפען פון צופיעל טרינקען, האָט ער זיי יעדען איינעם אָבגעשאָרען אַ האַלבע באָרד, צוגענומען זיין ברודער׳ס קערפּער און איז מיט דעם פאַרשוואונדען געוואָרען.

ווען דער קעניג האָט אויף מאָרגען דערהערט אַז דער קערפּער אָהן אַ קאָפּ איז פאַרשוואונדען געוואָרען, איז ער געוואָרען שטאַרק אויפ־געבּרעגט. ער האָט די וועכטער אריינגעזעצט אין געפענגנים, נאָכדעם

האָט ער באקאנט געמאכט, אַז אויב דער קלוגער גנב וועט זיך פאר איהם מעלדען, וועט ער איהם אַלעם מוחל זיין און וועט איהם געבען זיין טאָכטער פאר א ווייב. א פּאָר טעג שפּעטער איז דער יונגער מאַן געקומען און איז געוואָרען דעם קעניג׳ס איידים.

## צו וואָס דער מענש לעבט

אין מזרח לאַנד האָט אמאָל געלעבט א גרויסער און א גוטער קעניג. האָט ער געהאַט א ראטגעבער וועלכער איז געוועזן זעהר א קלוגער מאַן, א חכם, און זיין נאָמען איז געוועזן ידידיה. און דער קעניג האָט דעם ידידיה זעהר ליעב געהאט און זיין גרעסטער פארגעניגען איז געוועזן מיט איהם צו פארברייננגען און זיך צוהערען צו זיינע קלוגע רייד.

איינמאָל האָט דער קעניג געזאָגט צו זיין ראַטגעבער:

„שוין אַ לאַנגע צייט אַז עס ווילט זיך מיר דערגעהן וואָס איז דער צוועק פון דעם מענשענ׳ס לעבען אויף דער וועלט. צו וואָס לעבען מיר? איך בעט דיך, פריינד, ערקלער מיר דאָס אויב דו קענסט“.

און ידידיה האָט געענטפערט: „דאָס איז אַ שווערע פראַגע, מיין קעניג. דאָס קען איך אויף דער מינוט ניט ענטפערען. גיב מיר עטלי־כע טעג צייט זיך צו באַדענקען“.

דריי טעג און דריי נעכט האָט דער ראַטגעבער געטראַכט איבער דעם קעניג׳ס פראַגע, וואָס איז דער צוועק פון דעם מענשענ׳ס לעבען אויף דער ערד, אָבער ער האָט ניט געקענט דערגעהן אַן ענטפער. איז ער געקומען צום קעניג און האָט איהם געבעטען, אז דער קעניג זאָל איהם ערלויבען צו מאַכען א רייזע איבער דער וועלט, זיך צו זעהן מיט גרויסע לייט, חכמים, פון אַנדערע לענדער; פיליכט קענען זיי איהם געבען אַן ענטפער אויף דער פראַגע.

דער קעניג האָט איהם די ערלויבנים געגעבען, און ידידיה איז אַוועקגעפאָהרען.

פון שטאָדט צו שטאָדט האָט ידידיה געוואַנדערט ביז ער איז גע־קומען אין אַ לאַנד וואו עס האָט זיך געפונען א גרויסער געלעהרטער, וועלכער איז אזוי געווען באליעבט ביי דעם קעניג פון יענעם לאַנד,

דאָס דער קעניג האָט פאַר איהם אויסגעבויט א באַזונדער פּאַלאַסט, נעבען דעם קעניגליכען פּאַלאַסט, אום ער זאָל זיין אימער נאָהענט צו איהם, און ער זאָל מיט איהם קענען ריידען און זיך באַראַטען וועגען יעדער זאַך, וואָס קומט פאַר אין לאַנד.

צו דיזען גרויסען חכם איז ידידיה געקומען, און האָט איהם גע־פרעגט די פראַגע, וואָס איז דער צוועק פון דעם מענשענ׳ס לעבען אויף דער ערד.

„ווי מיר שיינט", האָט דער גרויסער חכם געזאָגט, „איז די וועלט געגליכען צו א גרויסען רעסטאָראַן, וועלכער איז זעהר שעהן פארפּוצט און וואו מען קריגט די בעסטע זאַכען צום עסען און טרינקען. מענשען זיצען ביי די גרויסע רייך געדעקטע טישען, עסען און האָבען הנאה פון זייער לעבען. און די געסט בייטען זיך כסדר. די וואָס עסען זיך אָן זאַט פארלאָזען די טישען און געהען ארויס, און נייע מענשען קומען אריין און פארנעהמען זייערע פּלעצער. אָט דאָס איז די וועלט און דאָס איז דאָס לעבען".

ידידיה האָט גאָרנישט געזאָגט. ער איז אַוועק פון דעם חכם זעהר טרויעריג. עס איז קענטיג געוועזן אָן איהם אַז דער ענטפער איז איהם ניט געפעלען געוועזן. ער האָט זיך געטראַכט: קען דען זיין אַז די וועלט איז בלויז אַן אָרט פון עסען און טרינקען, און זיך וואוילטאָגען, און האָבען אלערליי פארגניגענס? לעבען דען אַלע מענשען זאַט און גליקליך? מיר זעהען דאָך אזוי פיעל מענשען וואָס זיינען אונגליקליך און וואָס הונגערען. טאָ וואס איז דער צוועק פון זייער לעבען?

איז ידידיה געפאָהרען ווייטער, ביז ער איז געקומען אין אַ שטאָדט וואו מען האָט איהם געזאָגט אַז אין אַ וואַלד, ניט ווייט פון דער שטאָדט, געפינט זיך א הייליגער מאַן, וואָס וואוינט אָבגעזונדערט פון מענשען, און לעבט אויף די פרוכט פון וואַלד, און פארברייננגט זיין צייט אין לערנען און תהלים זאָגען. צו איהם איז ידידיה געגאַנגען און איהם געפרעגט די פראגע, וואָס איז די וועלט און וואָס איז דער צוועק פון דעם מענשען׳ס לעבען.

דער הייליגער מאַן האָט איהם געענטפערט מיט אַ משל:

„אמאָל איז אַ וואַנדערער געגאַנגען דורך דעם מדבר. פּלוצלונג, אזוי ווי ער געהט, זעהט ער אַז אַ הונגעריגער לייב יאָגט זיך נאָך איהם. האָט זיך דער וואַנדערער דערשראָקען און האָט גענומען לויפען. לויפענדיג איז ער אריינגעפאלען אין א גרוב וועלכע איז געווען צוגעדעקט מיט צווייגען, און ווען ער וואָלט זיך ניט אָנגעכאפּט אָן א צווייג וואָס האָט ארויסגעשטעקט פון אַ זייט פון דעם גרוב, וואָלט ער ארונטערגעפאלען אַזוי טיעף, אַז זיינע ביינער וואָלטען זיך צושאָטען. דער צווייג אן וועלכען ער האָט זיך אָנגעהאלטען איז געווען זעהר אַ שוואַכער. ער האָט געוואוסט אַז ווען ער זאָל זיך יעצט לאַנגזאַם ארונטערלאָזען אין דעם גרוב איז זיין לעבען ניט זיכער, ווייל דער גרוב איז געווען פול מיט גיפטיגע שלאַנגען. אָט אזוי איז זיין לעבען געווען אין געפאַהר פון אַלע זייטען. פון אויבען האָט אויף איהם געוואַרט אַ הונגעריגער לייב, פון אונטען די גיפטיגע שלאַנגען, און דער צווייג ביי וועלכען ער האָט זיך אָנגעהאַלטען, האָט געקרעכצט און האָט געקענט יעדע מינוט זיך אָבברעכען. דערווייל האָט דער וואַנדערער דערזעהן אויף דעם צווייג וואַקסען שעהנע עפּעל, האָט ער זיך פאַרגעסען אויף אַלע געפאַהרען און גענומען עסען די עפּעל, געגעסען און געגעסען, און ניט געוואָלט דענקען פון זיין סוף. אָט דאָס איז דעם מענשען׳ס לעבען. דער נאַרישער מענש יאָגט זיך נאָך פאַרגניגענס און ווייס ניט אַז עס ערוואַרטעט איהם אַ ביטערער סוף“.

אויך פון דיזען ענטפער איז ידידיה געווען ניט צופריעדען און איז אוועק זעהר טרויעריג. דער הייליגער מאַן האָט אפילו גערעדט זעהר קלוג, אָבער זיינע רייד זיינען געווען ניט אין גאַנצען ריכטיג. די וועלט איז דאָך ניט אין גאַנצען פול מיט הונגעריגע חיות און מיט גיפטיגע שלאַנגען. גאָט האָט געמאכט אַ שעהנע וועלט, נאָר מען דאַרף וויסען ווי אויף דער וועלט צו לעבען.

וואָס זאָל ידידיה טאָן? איז ער געגאַנגען ווייטער. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען ביז ער האָט אָנגעטראָפען אַן אָרימען מענשען, אַ בעטלער, אין צוריסענע קליידער. ווען ידידיה האָט זיך גוט איינגעקוקט האָט ער געזעהן אַז דער אָרימאַן איז א זעהר קלוגער מענש, האָט

ער מיט איהם גענומען ריידען, וועגען דעם לעבען און וואָס איז דער צוועק פון דעם מענשען אויף דער ערד.

און דער אָרימאַן האָט געזאָגט:

„אנשטאט א תשובה לאָמיך דיר דערצעהלען אַ מעשה. אַ שטור־מער האָט אמאָל געזאָגט צו א בלינדען: „מיין זוהן, דער טויבער, איז זעהר אומעדיג. אויב דו ווייסט פון עפּעס א גוטען פיעדעל שפּיעלער, ברייננג איהם צו מיין זוהן, ער זאָל איהם מאַכען פרעהליכער„. האָט דער בלינדער געענטפערט: „איך האָב גראדע היינט געזעהן אַ גוטען פיעדעל שפּיעלער. איך וועל שיקען מיין זוהן וועלכער האָט קיין פיס אַז ער זאָל איהם רופען“. דער פיעדעל שפּיעלער איז געוועז אָהן הענד, איז אַז ער איז געקומען צום שטומען'ס זוהן האָט ער געשפּיעלט אויף א פיעדעל אָהן סטרונעס. דער שטומער פאָ־טער האָט געזונגען, און דער בלינדער זעהענדיג אַז דעם שטומען זוהן איז פרעהליכער געוואָרען, האָט ער געהייסען זיין זוהן וועלכער איז געוועז אָהן פיס אַז ער זאָל געהן א טענצעל. א סך מענשען זיינען אָנ־געקומען און צוגעזעהן די שמחה. ווען שקר האָט פון דעם דערהערט, איז ער אויך געקומען, און ווי דער עולם האָט דערזעהן דעם שקר, האָבען זיך אַלע פאַר איהם געקניעט און געבוקט, און געשריען: „לעבען זאָל אונזער קעניג דער שקר!“

ידידיה האָט דאָס אויסגעהערט און געזאָגט: „עס איז ניט אמת. דער שקר האָט קיינמאָל געקיניגט צווישען מענשען. די מענשען האָבען ליעב דעם אמת. עס טרעפט אַמאָל אַז זיי ווערען אויף א קורצע צייט פארבלענדעט פון שקר, אָבער אויף לאנג קען זיין הערשאפט ניט אָנ־האַלטען. דער אמת איז דער איינציגער הערשער אויף דער וועלט“.

יאָהרען לאנג איז ידידיה ארומגעפאָהרען איבער פארשיעדענע לענ־דער, זיך געזעהן און גערעדט מיט פארשיעדענע קלוגע לייט, אָבער קיינער האָט איהם געקענט געבען אַזאַ ענטפער וואָס זאָל איהם צופריע־דען שטעלען.

מיעד פון דער לאנגער רייזע האָט זיך ידידיה צוריקגעקעהרט צום קעניג און האָט צו איהם אזוי געזאָגט:

„גרויסער קעניג! איך בין ארומגעפאָהרען פיעלע לענדער, האָב געזעהן פיעלע פעלקער, און גערעדט מיט פארשיעדענע קלוגע לייט, און געהערט פאַרשיעדענע מיינונגען, און פון אַלעם וואָס איך האָב גע־הערט און געזעהן, בין איך געקומען צום באשלוס אַז דעם מענשען׳ס לעבען איז געגליכען צו א לאַנגער רייזע, אזוי ווי די וואָס איך האָב געמאכט, און אַז דער צוועק פון לעבען איז צו זוכען און צו פאָרשען דעם אמת. קיינער קען דעם ריכטיגען ענטפער ניט באַקומען, אָבער דער זוכען אליין בריינגט די מענשען פיעל נוצען און פארגניגען. זיי דערגעהען פיעלע זאַכען וואָס איז ווערטה צו וויסען, און זייער פאַר־שטאַנד וואַקסט, און זיי ווערען קליגער און בעסער. דער צוועק פון לעבען איז אַלזאָ צו זוכען דעם צוועק פון לעבען, און ניט אויפהערען צו זוכען און זוכען״.

---

## די „גאָלדענע טייבעלעך״

אַמאָל איז געווען אַן אָרימער שוסטער, האָט זיך איהם געוואָלט רייך ווערען, אָבער ער האָט ניט געוואוסט ווי אזוי ער קען רייך ווערען פון זיינע אָרימע פארדיענסטען.

איינמאָל איז צו איהם געקומען א יונגער מאַן וועלכער האָט גע־הייסען ראובן און ער האָט געזאָגט אַז מאָרגען האָט ער חתונה מיט א שעהנער מיידעל וואָס הייסט רבקה, און אזוי ווי ער קען ניט געהן צו דער חופה אין אַלטע שיך, האָט ער געוואָלט באשטעלען ביי דעם שוסטער א נייע פּאָר.

„קענט איהר מיר מאכען פאַרטיג אַ פּאָר שיך אויף היינט זעקס אוהר אָוועגד?״ האָט ראובן געפרעגט.

זעהענדיג אַז דער חתן איז אין דער איילע, האָט דער שוסטער זיך געטראַכט אַז דאָ איז געקומען פאַר איהם א געלעגענהייט צו פארדיענען פיעל געלד. איך וועל ביי איהם בעטען א סך געלד, אויב ער וויל די ארבייט אזוי שנעל, האָט ער זיך געטראַכט.

„איך האָב היינט זעהר פיעל ארבייט פון אַנדערע קונדען״, האָט דער שוסטער געענטפערט, „אָבער אויב איהר ווילט באַצאָהלען צעהן

דאָלאר וועל איך די אַנדערע ארבייט אָבלייגען און וועל מאַכען אייער-רע שיך״.

„צעהן דאָלאר איז צופיעל״, האָט ראובן געזאָגט, „אָבער אזוי ווי איך דאַרף די שיך האָבען זעהר נויטיג, וועל איך אייך מוזען דעם פרייז געבען״.

אַז ראובן איז אַוועק האָט זיך דער שוסטער געטראַכט: וואָס פאר אַ נאַר איך בין! איך האָב ביי איהם געקענט בעטען פיעל מעהר. האָט דער שוסטער אָבגעשניטען אַ שטיק לעדער און האָט זיך גענומען מאַכען די שיך פאר דעם חתן. אז די שיך זיינען פאַרטיג געוואָרען האָט ער זיי באַהאַלטען.

זעקס אוהר איז ראובן געקומען נאָך זיינע שיך.

איהר מוזט מיר ענטשולדיגען״, האָט דער שוסטער געזאָגט. „איך פיהל היינט אַ ביסעל מיעד און קראַנק. איך קען די אַרבייט ניט מאַכען. אָבער אויב איהר וועט מיר וועלען געבען נאָך פינף דאָלאר וועל איך זיך אָנשטרענגען און מאַכען די ארבייט אויף ניין אוהר״.

ראובן האָט איינגעזעהן אַז עס איז פאר איהם שוין צו שפּעט צו געהן זוכען אַן אַנדער שוסטער, האָט ער געמוזט נאָכגעבען און געזאָגט אַז ער וועט קומען ניין אוהר.

„ער וועט מיר געבען צוואנציג״, האָט דער שוסטער געזאָגט צו זיך. „ער וועט עס מיר מוזען געבען״.

און אַז ראובן איז געקומען ניין אוהר, האָט ער געפונען דעם שוסטער שלאָפען אויף זיין טיש.

„וואו זיינען מיינע שיך?״ האָט ראובן געפרעגט, ווען ער האָט דעם שוסטער אויפגעוועקט.

„עס האָט מיר געטראָפען אַן אונגליק״, האָט דער שוסטער געענטפערט. „נעכטען האָב איך די גאנצע נאַכט ניט געשלאָפען, איך האָב געדאַרפט פאַרטיג מאַכען אַ פּאָר שיך פאַר איינעם וואָס איז געווען אין דער איילע אזוי ווי איהר. דאַרום בין איך היינט קראַנק און שלעפעריג. אָבער אויב איהר וועט מיר געבען צוואַנציג דאָלאַר וועל איך די שיך פאַרטיג מאַכען אויף צוועלף אוהר״.

„צוואנציג דאָלאר פאר אַ פּאָר שיך וואָס איהר מאַכט אימער פּאָר פינף דאָלאר!" האָט ראובן אויסגערופען. „עס איז דאָך אַ רויבעריי. אָבער איך קען זיך ניט העלפען. איך קען ניט קומען צו מיין חתונה אין אָן אלטע פּאָר שיך. אלזאָ, איך וועל קומען צוועלף אוהר און אייך ברייננגען צוואנציג דאָלאר".

צוועלף אוהר ווען ראובן איז געקומען האָט איהם דער שוסטער געזאָגט:

„די שיך זיינען פארטיג, אָבער איך בין קראַנק געוואָרען ארביי־טענדיג אויף זיי. איך וועל געווים מאָרגען מוזען געהן צו אַ דאָקטאָר, וויל איך אַז איהר זאָלט מיר געבען נאָך פינף דאָלאר, אַ חוץ די צוואנציג, אום איך זאָל האָבען אויף דאָקטאָר און מעדיצין".

ווען ראובן האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרען שטאַרק אין כעס און האָט געזאָגט:

„איך דענק אַז איך דאַרף שוין גאָר קיין שיך. מיין כלה האָט מיך זעהר ליעב און זי וועט מיט מיר געהן צו דער חופּה אויך אין מיינע אַלטע שיך".

און ראובן איז ארויסגעלאָפען פון דעם שוסטער'ס הויז.

דער שוסטער איז געבליבען זיצען אליין און עס האָט איהם גער־נומען פאַרדריסען וואָס ער האָט געפּאָדערט אַזוי פיעל געלד. איך האָב געדארפט צופריעדען זיין מיט צוואנציג דאָלאר, האָט ער זיך גער־טראַכט. און יעצט, אז ער וויל שוין ניט די שיך, וואָס בלייבט מיר צו טאָן? איך וועל מיזען געהן אין מאַרק און זוכען אָן אַנדער קונה אויף די שיך, אַזאַ מאַן וואָס די שיך זאָלען זיך פּאַסען צו זיינע פים און וועלכער זאָל מיר וועלען באַצאָהלען כאָטש דריי, אָדער פיער דאָלאר פאַר זיי.

---

אויף מאָרגען איז דער שוסטער אַוועק אין מאַרק. דער וועג איז געווען אַ ווייטער, ווייל דער שוסטער האָט געוואוינט אין עק שטאָדט, אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקעל, און עס איז איהם אויסגעקומען דורכ־צוגעהן אַ וואַלד.

אין דעם וואַלד האָט ער באגעגענט אַ יעגער.

„וואו האָסטו געפאנגען די גאָלדענע טייבעלעך?" האָט דער יעגער איהם געפרעגט.

„וואָס פאַר אַ גאָלדענע טייבעלעך?" האָט דער שוסטער איבער־געפרעגט. „דאָס איז דאָך א פּאָר שיך".

„אי, מאכסט שפּאָס פון מיר", האָט דער יעגער געזאָגט. „פארקויף מיר דיינע גאָלדענע טייבעלעך. איך גיב דיר פאר זיי פופציג דאָלאַר".

דער שוסטער אז ער האָט דערהערט אז יענער וויל איהם געבען פופציג דאָלאַר, האָט ער פערלאַנגט הונדערט. אָבער יענער האָט איהם געזאָגט אַז די גאָלדענע טייבעלעך זיינען טאַקע ווערט הונדערט דאָלאַר, אָבער ער האָט ביי זיך יעצט קיין געלד. איז דער שוסטער אַוועק ווייטער.

ווען ער איז געוועזן ניט ווייט פון מאַרק, האָט איהם אָבגעשטעלט אַ יונגער מאַן און האָט אויסגערופען: "אך, וואס פאר א שעהנע פּאָר גאָלדענע טייבעלעך דו טראָגסט אין דיינע הענד! ווי פיעל ווילסטו פאר זיי?"

דאָס מוז זיין נאָך אַזאַ משוגענער ווי דער יעגער, האָט זיך דער שוסטער געטראכט. איך טראָג שיך, און די משוגעים דאַכט זיך אַז דאָס טראָג איך גאָר גאָלדענע טייבעלעך.

„ווי פיעל ווילסטו געבען פאר זיי?" האָט דער שוסטער געפרעגט.

"הונדערט דאָלאר", האָט דער יונגערמאַן געענטפערט.

„ניין, אַזעלכע גאָלדענע טייבעלעך זיינען ווערטה הונדערט מיט פופציג", האָט געזאָגט דער שוסטער וועלכער האָט געוואָלט רייך ווערען.

„אזוי פיעל געלד האָב איך ביי זיך ניט", האָט דער יונגער מאן געזאָגט און איז אַוועק ווייטער.

דער שוסטער האָט גענומען טראַכטען פיליכט איז דאָס טאַקע אַן אמת אַז ער האָט גאָלדענע טייבעלעך אין די הענד. האָט ער אויפ־געוועקט אַ אינגעל וואָס איז געשלאָפען אויף א באַנק, נעבען א גאָרטען, און האָט איהם געפרעגט:

„זאָג מיר, אינגעלע, וואָס האַלט איך אין מיינע הענד?"

„גאָלדענע טייבעלעך", האָט דער אינגעל געענטפערט.

יעצט האָט שוין דער שוסטער אליין אָנגעהויבען צו גלויבען אַז די פּאָר שיך וואָס ער טראָגט אין זיינע הענד זיינען טאַקע גאָלדענע טייבעלעך, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטען מאַרק און גענומען שרייען:

„גאָלדענע טייבעלעך! ווער וויל קויפען גאָלדענע טייבעלעך?"

עס האָט זיך באלד ארומגעקליבען אסך מענשען, מענער, פרויען, אַלט און יונג. זיי האָבען געקוקט אויף דעם שוסטער און גע־שמייכעלט. זיי האָבען ניט געקענט פאַרשטעהן וואָרום ער האַלט אַ פּאָר שיך אין די הענד און שרייט „גאָלדענע טייבעלעך".

„אַ משוגענער!" האָט איינער אויסגערופען.

און באלד האָבען זיך געפונען ווילדע אינגלעך וואָס האָבען באַ־וואָרפען דעם שוסטער מיט שטיינער און מיט ערד. ער האָט גענומען שרייען און מאַכען גוואַלדען. א פּאָליציסט האָט איהם ארעטירט, איהם געבראכט אין געריכט און איהם פארקלאָגט אַז ער איז א משוגע־נער. דער פּאָליציסט האָט געצייגט דער ריכטער די פּאָר שיך וואָס דער שוסטער האָט געהאַלטען אין די הענד און האָט זיי געוואָלט פאר־קויפען, שרייענדיג אַז זיי זיינען גאָלדענע טייבעלעך.

דער ריכטער האָט געהייסען דעם שוסטער אריינזעצען אין געפענג־נים און איהם דאָרט האלטען ביז אַ דאָקטאָר וועט אונטערזוכען זיין פאַרשטאַנד.

אָבער ווי מען האָט דעם שוסטער געוואָלט אָבפיהרען אין גע־פענגנים, איז אריינגעקומען דער חתן, ראובן, וואָס האָט ביים שוסטער די פּאָר שיך באַשטעלט און האָט געבעטען דעם ריכטער אַז ער זאָל דעם שוסטער פריילאָזען, ווייל ער איז ניט שולדיג. ראובן האָט דער־צעהלט אַז ער האָט עס אונטערגעשיקט די מענשען וואָס האָבען דעם שוסטער איינגערעדט אַז די שיך זיינען גאָלדענע טייבעלעך, און דאָס האָט ער געטאָן ווייל דער שוסטער האָט ביי איהם געוואָלט ארויס־ציהען פינף און צוואנציג דאָלאר פאַר אַ פּאָר שיך.

דער ריכטער האָט אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע און האָט דעם

אָרימען שוסטער פריי געלאָזען. אוים גרוים דאנקבארקייט האָט דער שוסטער געגעבען די פּאָר שיך צו ראוב׳ען און האָט צו איהם געזאָגט אַז ער שיינקט זיי איהם, אָבער ראובן האָט קיין געשאַנק ניט געוואָלט נעהמען פון דעם אָרימען שוסטער, און ער האָט איהם פאר די שיך גע־געבען צעהן דאָלאר, ווי ער האָט זיך מיט איהם באדונגען דעם ערשטען מאָל.



# מעשה׳לאך און משלים
## פון בודדאה, דער נביא פון די הינדוס.

1

### וואָס איז ליכט?

עס האָט אמאָל געלעבט א גרויסער געלעהרטער וועלכער איז געווען קלאָר אין די הייליגע ביכער. מיט יעדען איינעם פלעגט ער ליעב האָבען זיך צו שפּארען און צו האָבען פּלפּולים, און יעדען איינעם פלעגט ער רופען „עם הארץ“, אונוויסענדער.

גרויס האָט ער זיך געהאלטען דער געלעהרטער מאַן, זעהר גרויס.

און איין מאָל איז דער גרויס געלעהרטער מאַן ארויס אין גאַס מיט אַ לאַנטערנע אין מיטען טאָג, און ווייל עס איז געווען א ליכטיגער, זונניגער טאָג, האָבען זיך מענשען געוואונדערט צו וואָס דער געלעהרטער מאַן דאַרף האָבען די לאַנטערנע. אָבער פרעגען איהם האָט קיינער געוואַגט, ווייל יעדער איינער האָט געוואוסט אַז מיט איהם וועט זיך קיינער ניט אויס׳טענה׳ן, און אז אימיצער פרעגט איהם עפּעס, שרייט ער אויס: „עם האָרץ! גראָבער יונג!“

אָבער עס האָט זיך דאָך געפונען איינער אַ מאַן, און דוקא זעהר אַן איינפאַכער מענש, וועלכער האָט זיך ניט געשראָקען, דען סאי ווי האָבען אלע געוואוסט אַז ער איז ניט געלערנט, אָבער דערפאר איז ער געווען אָרענטליך און קלוג פון דער נאַטור.

האָט דיזער מאַן זיך גענומען מוטה און האָט דעם געלעהרטען געפרעגט:

„ווילט איהר פיליכט זיין אזוי גוט און ערקלערען אַן אונוויסענדען מאַן, צו וואָס איהר טראָגט אַ לאַנטערנע אין מיטען העלען טאָג?“

„ווייל עס איז א פינסטערע וועלט, גראָבער יונג איינער!" האָט דער געלעהרטער אויסגעשריען, „און איך זוך ליכט".

„עס טוט מיר זעהר לייד", האָט דער אונוויסענדער, אָבער קלוגער מאַן געזאָגט, „עס טוט מיר זעהר לייד אויף אַזאַ גרויס געלעהרטען מאַן ווי איהר, וואָס קען ניט זעהן די ליכטיגע זון וועלכע שיינט איבער אונז אַלע מענשען צוגלייך".

„וואו איז די זון?" האָט דער געלעהרטער מאַן געפרעגט.

און דער אונוויסענדער מאַן האָט געענטפערט:

„דיין גרויסע גאוה האָט דיר פאַרשטעלט די אויגען אַז דו זאָלסט די ליכט פון דער וועלט ניט זעהן. זאָלסט וויסען זיין אַז דיזע זון וואָס איך זעה, לייכט ניט נאָר אין הימעל, זאָנדערען אויך אין די הערצער פון אַלע מענשען וואָס האָבען איינע די אַנדערע ליעב און האַלטען זיך פאַר ברידער".

---

## 2
# דעם נביא׳ס פעלד־ארבייט

ראַדוואַזשאַ, דער רייכער פאַרמער, האָט איינמאָל געפייערט דעם יום טוב פון שניט, און האָט זיך געפרעהט מיט דער גערעטענים פון זיינע פעלדער.

בעת דער שמחה איז אָנגעקומען בודדאַה, דער נביא, מיט זיין בעטלער שיסעל אין האנד*).

„עס וואָלט פאַר דיר בעסער געווען", האָט דער פאַרמער געזאָגט, „ווען דו וואָלסט געגאַנגען ארבייטען, איידער צו געהן בעטלען. זעהסטו, איך אַקער און זייה, און דערפאַר האָב איך וואָס צו עסען. טו דאָס זעלבע וועסטו אויך האָבען".

און דער נביא האָט איהם געענטפערט:

---

*) די פריעסטער און נזירים פון די הינדוס לעבען פון דעם וואָס מענשען שענקען זיי פארטיגע עסענס, מייסטענס א ביסעל רייז, אָדער מילך. צו דעם צוועק געהען זיי ארום מיט א שיסעלע אין האַנד.

„יאָ, מיין הערר, איך טו אויך אַקערען און זייהען, און דערפאַר האָב איך צו עסען".

„ביזטו דען אַ פּאַרמער?" האָט יענער געפרעגט. „וואו זשע זיינען דיינע אָקסען? וואו איז די זריעה און דיין סאָכע?"

„גלויבען איז די זריעה וואָס איך פאַרזייה", האָט דער נביא גע־ענטפערט, „גוטע טאַטען איז דער רעגען וואָס מאַכט מיין זריעה וואַק־סען, חכמה און עניוות זיינע די סאָכע, מיין שכל איז די הענטעל און די לייצעס, און מיין שטענדיגער שטרעבען איז דער אָקס וואָס שלעפּט די סאָכע. פרוכט פון מיין פעלד איז עולם הבאָ".

דער רייכער פּאַרמער האָט דאַן אָנגעגאָסען אַ גאָלדענע שיסעל פול מיט רייז און מילך און האָט עס געגעבען צום נביא, זאָגענדיג: „זאָל דער לעהרער פון די מענשען עסען פיעל זיין האַרץ גלוסט, ווייל זיין סאָכע ברייגנט אַזעלכע פרוכט וואָס לעבט אייביג".

---

3

## דער ברענענדער פּאַלאַסט

א רייכער מאַן האָט געהאַט אַ פּאַלאַסט. דער פּאַלאַסט איז געווען זעהר גרויס, אָבער אויך זעהר אַלט. די ווענט און די זיילען זיינען גע־ווען צופוילט און דער דאַך אויסגעטריקענט. איינמאָל, זיצענדיג אין זיין פּאַלאַסט, האָט דער רייכער מאַן דערשמעקט רויך, איז ער ארויס־געלאָפען אין דרויסען און האָט געזעהן אַז די גאַנצע געביידע איז אין פלאַמען. ער האָט זיך דערמאנט אָן זיינע קינדער וועלכע האָבען זיך געשפּיעלט אינוועניג, אין פּאַלאַסט, און ער איז א פאַרציטערטער גע־וואָרען.

דער ערשראָקענער פאָטער איז געבליבען שטעהן און ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט געהערט ווי זיינע קינדער לויפען ארום און שפּרינגען, און שרייען לוסטיג און פרעהליך. ער האָט געוואוסט אַז ווען ער וועט זיי זאָגען אַז די הויז ברענט וועלען איהם די קינדער ניט גלויבען. זיי וועלען מיינען אַז ער וויל זיי זאָלען ארויסגעהן זיך שפּיעלען אין גאַס. און אויב ער וועט ארייגלויפען אין הויז און זיי

איינציג ווייז כאפען און ארויסטראָגען, ווייס ער, אז בלויז איינעם אָדער צוויי וועט איהם געלונגען צו ראַטעווען און די איבעריגע וועלען פון איהם אנטלויפען און פארכאפט ווערען פון די פלאַמען.

פלוצלונג איז דעם פאָטער איינגעפאַלען אַ גליקליכער געדאַנק. „מיינע קינדער״, האָט ער זיך געטראכט, „האָבען ליעב שפּיעלצייג. אויב איך וועל זיי צוזאָגען שעהנע צאַצקעס וועלען זיי מיך פאָלגען״.

דאַן האָט ער אויסגעשריען הויך, אויפ׳ן קול, „קומט, קינדער, זעהט וואָס פאַר א מתנות אייער פאָטער האָט אָנגעגרייט פאַר אייך. אזעלכע שעהנע צאַצקעס האָט איהר נאָך אין אייער לעבען ניט געזעהן. קומט אַרויס וואָס שנעלער״.

און זעהט, פון אלע זייטען פון דער ברענענדער הויז האָבען אָנגע־הויבען צו לויפען די קינדער. דאָס וואָרט „צאַצקעס״ האָט זיי צוגע־צויגען, און דער גוטער פאָטער האָט זיי געקויפט שעהנע צאַצקעס, נאָר די קינדער האָבען שוין אויף די שפּיעלצייג ניט געקוקט. זיי האָבען געקוקט אויף דעם פייער און האָבען פארשטאַנען אין וואָס פאַר אַ גרויס געפאַהר זיי זיינען געווען, און זיי האָבען געדאַנקט זייער קלוגען פאָטער וואָס ער האָט זיי מיט זיין גרויס ליעבשאַפט געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט.

דער נביא קען גוט די מענשען־קינדער, און ער דערצעהלט זיי, אז אויב זיי וועלען זיין גוט וועלען זיי קריגען גוטע זאַכען פאַר דעם, און אויף אַזאַ אופן רעטעט ער זיי פון שלעכטע מעשים.

און עס קומט אמאָל א צייט ווען די קינדער זעהען פון וואָס פאַר א סכנה דער נביא האָט זיי געראַטעוועט, און זיי לויבען דערפאַר זיין נאָמען.

---

4

## דער בלינדער

אַ מאַן וואָס איז געבאָרען געוואָרען בלינד און האָט קיינמאָל ניט געזעהן די ליכט פון דער וועלט, האָט איינמאָל געזאָגט:

„איך גלויב ניט אַז עס איז דאָ ליכט און פארבען, איך גלויב ניט אז עס זיינען דאָ ווייסע מענשען און שוואַרצע. איך גלויב ניט אַז גראָז

איז גרין און אז בלומען זיינען דאָ ווייסע, און געלע, און רויטע, און בלויע. קיינער האָט נאָך אַזעלכע זאַכען מיר געקענט באווייזען, און דאָס וואָס מען קען מיר ניט באווייזען בין איך ניט מחויב צו גלויבען".

אַ פריינד האָט מיט איהם גענומען טענה'ען און איהם צו געבען צו פאַרשטעהן וואָס זעהן מיינט.

„דאָס האָסטו זיך איינגערעדט אזוי", האָט דער געבוירענער בלינדער געזאָגט. „ווען נאכט אָדער טאָג וואָלטען עקזיסטירט, וואָלט איך זיי געקענט מיט די הענד אָנטאַפּען".

---

5

# א לוקסוס לעבען

ווען בודדאַה איז ארומגעפאָהרען איבער דער וועלט און געלערענט מיט מענשען ווי צו לעבען ריכטיג און מיט יושר, איז ער אָנגעקומען אין איין אָרט, וואו די שטאָדט לייט זיינען איהם ארויס אַנטקעגען און זיך פאַר איהם געבוקט.

איינער א רייכער מאַן וועלכער האָט זיך ניט געבוקט, האָט געזאָגט צום נביא:

„דער נביא מוז מיר ענטשולדיגען, איך בין צו פעט און קען זיך ניט בוקען. איך קען זיך קוים ריהרען אויף מיינע פיס".

„ווילסטו וויסען פון וואַנען דאָס קומט?" האָט בודדאַה געפרעגט.

„יאָ", האָט דער רייכער מאַן געזאָגט, „און פילייכט קען דער נביא מיר צייגען אַ וועג ווי איך זאָל געהיילט ווערען?"

„עס זיינען דאָ פינף זאַכען וואָס ברייגגען צו אַזאַ צושטאַנד ווי דיינער", האָט דער נביא ערקלערט, „צופיעל עסען. צופיעל שלאָף, צופיעל יאָגען זיך נאָך פארגניגענס, וועניג ארבייט און ווייניג דענקען. באַהערש דיין ווילען ביים עסען און ביי אלעס, און דו וועסט ווערען אַ מענש גלייך ווי אַלע".

אין אַ פּאָר יאָהר ארום איז בודדאַה ווידער געקומען אין דער זעלבער שטאָדט, און יענער רייכער מאַן איז צו איהם אַרויסגעקומען, אַזוי ווי אַלע מענשען, זיך געבוקט אַזוי ווי אַלע, און האָט געזאָגט: „

„גרויסער נביא! דו האָסט געהיילט מיין קערפער. יעצט גיב מיר אן עצה ווי צו היילען מיין גייסט, איך זאָל קענען דענקען און פאר־שטעהן אַלעס, ווי אַלע קלוגע און געלערענטע מענשען“.

און דער נביא האָט געענטפערט: „אזוי לאַנג ווי דו האַלסט ריכ־טיג דיין קערפער, וועט דיין גייסט אויך זיין געזונד, דען א געזונדער גייסט קען עקזיסטירען נאָר אין אַזאַ קערפער וואָס ווערט ריכטיג אויפ־געפּאַסט און איבערטרעט ניט די געזעצען פון דער נאַטור“.

